הינדע זארעצקי

# קראָטאָנאַ פּאַרק בריגאַדע

[לידער און מעשיות]

ארויסגעגעבן פון צענטראַל-קאָמיטעט
פון די יידישע פאָלק-שולן אין די
פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע

ניו-יאָרק, 1949

טייערע קינדער,

איידער איר הייבט אָן לייענען די לידער און מעשיות אין בוך „קראַטאָנאַ פאַרק בריגאַדע" וויל איך, אַז איר זאָלט זיך באַקאַנען מיט מיר. איך בין געבוירן געוואָרן אין אַ קליין שטעטל אין ווייס רוסלאַנד.

אין יענעם שטעטל האָבן געוואוינט אָרעמע און רייכע מענטשן. מיין טאַטע-מאַמע זיינען געווען אָרעם, האָבן מיר, זייערע קינדער, נישט געהאַט קיין שפילצייג. פלעג איך נעמען אַ האַנטוך, אויסבינדן אַ ליאַלקע (דאָל) און מיר פלעגן שפילן און הנאה האָבן פון דער שפיל, פונקט ווי קינדער דאַרפן הנאה האָבן ווען זיי שפילן זיך.

זומער, נאָך אַ גרויסן רעגן, פלעגן מיר אויסטאָן שיך-און-זאָקן און מיר קינדער פלעגן זיך אַרויסלאָזן אין גאַס מיט באָרוועסע פיס, און ס'פלעגט זיין אַ מחיה צו מאַכן צייכנס אינם קאַלטן זאַמד, וואו מען האָט געקאָנט איבערציילן אַלע פינגער פון די פיס.

ניט ווייט פון מיין היים איז געווען אַ גרויסער סאָד. יענער סאָד האָט באַלאַנגט צום אוריאַדניק (הויפט פון פאָליציי) פון שטעטל. דעם אוריאַדניקס שיינע טאָכטער, געניע, פלעגט אַרויסקומען פון סאָד און זי פלעגט טיילן די קינדער פון יענעם געסל גוטע זאַכן, און קליינוואַרג פלעגט טאַנצן פאַר דער שיינער געניע.

מיר פלעגט די שיינע געניע געבן פולע הויפנס מיט גוטע זאַכן; איך פלעג ניט נאָר טאַנצן פאַר איר, איך פלעג אויך דערציילן מעשיות. איינמאָל האָט זיך די שיינע געניע אָנגערופן צו מיר און זי האָט געזאָגט:

„היינט וויל איך, אַז דו זאָלסט פאַר מיר טאַנצן אַ קורצע-פאָלקע".

„הינדע טאַנצט ניט קיין קורצע-פאָלקע", האָב איך איר געענטפערט.

„פאַרוואָס?", האָט די שיינע געניע געפרעגט פאַרוואונדערט.

„ווען מען טאַנצט אַ קורצע-פאָלקע ווייזט מען אויס ווי אַ זשאַ-

בע (פראַש)״. האָב איך איר געענטפערט און איך בין געבליבן שטיין מיט ליידיקע הענט.

מיין בעסטע חבר'טע פרומע האָט דווקא יע געטאַנצט אַ קור־צע פּאָלקע, און דערפאַר האָט די שיינע געניע געגעבן פרומען דריי חלקים זיסוואַרג. איך האָב מער ניט געקענט שטיין און צוקוקן ווי פרומע בייסט איין מיט אירע פאָדערשטע ציין אין דער מחיה'דיקער סאַלאַמקע (אַ לאַנגע מיאַטנע צוקערקע) בין איך אַוועקגעלאָפן אַהיים מיט אַ פאַרקלעמטע האַרץ.

אין מיין היים איז געווען אַ גרויסע הילצערנע שאַפע; אין אַ ווינקל פון יענער שאַפע איז תמיד געלעגן מיינס אַ העפטל מיט אַ בלייער. ווען עס האָט שטאַרק געדעגנט, ווען איך האָב ניט געשפּילט מיט די קינדער און ווען עס איז מיר געווען שלעכט אויפן האַרצן, פלעג איך אַרויסנעמען יענעם העפטל און איך פלעג שרייבן דעם אלף־בית. קיין ווערטער האָב איך נאָך דאַן נישט געקענט שרייבן.

זינט איך בין געווען אַ קליין מיידל און ביז היינט האָב איך ליב דעם אלף־בית. איך האָב ליב אונדזערע טייערע 22 אותיות מיט וועלכע שיינע מעשיות און לידער ווערן געשריבן. דערפאַר נעם איך אַריין אין מיין ערשטן בוך 22 אַרבעטן. דאָס מיינט: פאַר יעדן אות אַ מתנה — אַ ליד אָדער אַ מעשה.

מיט דער ליבשאַפט צו אונדזער אלף־בית און צו די טייערע ביכער וואָס אונדזערע גרויסע שרייבערס האָבן אָנגעשריבן, בין איך אָנגעקומען אין ניו־יאָרק, וואו מיין שטיפשוועסטער האָט מיר אָנ־געזאָגט, אַז מען טאָר זיך דאָ אין אַמעריקע נישט רופן מיט קיין קליינ־שטעטלדיקע נעמען, און זי האָט מיין נאָמען, הינדע, אויסגעביטן אויף אַננאַ. מיר איז ליבער דער נאָמען ווי מיין טאַטע־מאַמע האָבן מיך גערופן, קום איך צוריק אין מיין ערשטן בוך, מיט מיין ערשטן נאָמען,

הינדע

# פרילינג

פרילינג קומט צו פֿאָרן
אויף אַ ליכטיק גאָלדן פערד.
שווימען הימלען גיכער,
קלאַפּן הערצער טיפֿער,
ווען פרילינג קומט צו פֿאָרן
אויף אַ ליכטיק גאָלדן פערד.

פרילינג קומט צו פֿאָרן
אויף אַ ליכטיק גאָלדן פערד.
צעבליט זיך דאַן דאָס לעבן,
צעצוויט די גאַנצע ערד,
ווען פרילינג קומט צו פֿאָרן
אויף אַ ליכטיק גאָלדן פערד.

פרילינג קומט צו פֿאָרן
אויף אַ ליכטיק גאָלדן פערד.
שטראַלט די זון דאַן העלער,
לאַכן קינדער העכער,
ווען פרילינג קומט צו פֿאָרן
אויף אַ ליכטיק גאָלדן פערד.

# קראָטאָנאַ פּאַרק בריגאַדע

אין אַ פּראָסטן מיטוואָך,
אין אַ זוניקן אין דער פֿרי,
זײַנען קינדער אָנגעקומען
פֿון געגנט און פֿון ניט הי.

פֿון וועבסטער און פֿון בראָיענט,
פֿון וויז און פּעלהאַם בעי,
אין באַנדאַנאַס אויסגעפּוצט
און שלײַפֿן ווײַס ווי שניי.

אויף רעדלעך, וועלאָסיפּעדן,
פֿוס־גייער מיט געזאַנגען:
תרצה טראָגט אַ זעגל־שיף,
איר שוועסטער אַ בינטל זאַנגען.

עדי ברענגט אַ ווענדקע —
גילדענע פֿישלעך כאַפּן,
פֿרעדי מיט זײַן האַמער —
שטיינער אויפֿצוקלאַפּן,

דאָ, ביים אינדיאַנער טײַכל
אַ בריגאַדע גרינדן —
און זעגל־שיפֿן לאָזן
אויף ימ׳ען מיט די ווינטן,

און פּליטים אויפֿצונעמען
פֿון דער גאָרער וועלט —

זיי אין ישראל פֿירן
פֿון דער שלעכטער וועלט.

יציאה נאָך יציאה,
אויף ים׳ען ווייט און ברייט,
אין לאַנד די פּליטים פֿירן
איז די בריגאַדע גרייט!

*
**

אין אַ זוניקן מיטוואָך,
אין אַ גאָלדענעם פֿאַרנאַכט,
האָבן קינדער אַ היים גענומען
וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט:

עדי טראָגט זיין ווענדקע,
תרצה איר זעגל־שיף.
צעפּלאַטערט זיינען שלייפֿלעך
און חברה טוט אַ שטיף.

גלייכע, שיינע פּלייצקעס,
גלידער — פֿול — געזאַנג.
אויגן מיט זון געצונדן —
פֿרייד אין זייער גאַנג.

# צו די ברעגן פון תל־אביב

ניטאָ דער כוח וואָס קאָן אָפּשטעלן דאָס ברויזן פונם ים,
ניטאָ די האַנט וואָס קאָן אויסלעשן דאָס ליכט פון יעקבס שטאַם.
אַ סך וואַנדערונגען האָט ישראל געטאָן וואַנדערן זינט כנען,—
און היינט וועלן מיר דערציילן די מעשה: טעהעראַן.

— ווייט פון דאַנען
ווייט פון אונדזער ברעג,
איז אַ לאַנד פאַראַנען,
אַ לאַנד מיט אַ דורכפאָר־וועג.
דאָס לאַנד האָט אַ מלך,
דאָס לאַנד האָט אַ פּאָרט,
פאָרן שיפן מיט פּליטים
אָפּ פון דאָרט.

ס׳האָט געזאָגט דער אַלמעכטיקער,
ס׳האָט געזאָגט דער וואוילער שאַך:
— אויף מיין ערד דער הייליקער,
אויף מיין ערד דער פּרעכטיקער
קאָן מען זיך אָפּשטעלן,
קאָן מען בלויז דורכפאָרן,
און אין גוטסקייט אין זיין מעכטיקער
האָט ער געטאָן אַ קיניגלעכן לאַך.

איז איינמאָל אין אַ באַגינען,
מיטן ערשטן שפּראָץ אויף טאָג
— אַ שיף אָפּגעשוואומען
פונם לאַנד מיטן מלך,
פונם לאַנד מיטן פּאָרט.

אַ שיף מיט קינדער־פּליטים
איז אָפּגעשוואומען פון דאָרט.

האָט די שיף געשניטן
דעם ים דעם טיפן,
און איינגעשטילט דאָס ברילן
פון די בייזע אינדן:
— ים!
ים, זיי וויסן
כ'פיר קינדער־פּליטים
אַזש פון נע־ונד. —

האָט דער ים געשפּיגלט
אַ זילבער־גלאַטן וועג;
האָט דער פלאַג געפלאַטערט
צו תל־אביב'ער ברעג.

זיינען טעכטער אָנגעקומען,
טעכטער פון יעקבס שטאַם
און אויסגעשטרעקט די הענט
צום שפּיגלדיקן ים.

האָבן קבוצות צעעפנט טויערן און טיר
און קינדער אויפגענומען,
קינדער —
מיט שטויב פון אַלע וועגן,
אויגן פול מיט שרעק.

אַט זעען מיר אַ מנין יינגלעך,
מיט פּנימער צו מזרח־וואַנט —
בציבור זאָגן זיי:
— יהא שמיה רבא —
און טאַטע־מאַמע זיינען אין גן־עדן
און טאַטע־מאַמע ענטפערן בציבור:
— אָמן —

אָט איז אַ מיידל מיט צוקנדיקע אַקסלען,
זי טראָגט זיך אום מיט פּעקלעך צוויי:
— מיין מאַמע האָט מיר אָנגעזאָגט,
מיין מאַמע האָט מיר באַפוילן
כ'זאָל אָפּהיטן מיין שוועסטערל די קליינע.
ז'מיין שוועסטערל אין וואַלד געשטאָרבן,
מיט בלעטעלעך פון וואַלד האָב איך זי צוגעדעקט,
אַלע ביימער היטן זי, מיין שוועסטערל די קליינע.

אָט שלייכן אום די קינדערלעך די קליינע,
זיי טוליען זיך ווי שעפּסלעך;
זיי קלעפּן זיך צו שוועסטער דבורה,
גלעט זי זיי איבער די קעפּלעך.

שוועסטער דבורה נעמט קליינוואַרג אין שלאָפּצימער אַריין,
זי טיילט זיי אויס נאַכט־העמדלעך,
זי ציילט זיי „ניט איינס, ניט צוויי" — ביז ניין.

אויף יעדן קישן רוט אַן אויסגעצוואָגן קעפּל,
פון יעדן בעטל פלאַפּלען קינדער־ליפּלעך:
— שוועסטער, שוועסטער דבורה!

אין ווייסן קליידל שוועבט דבורה ווי אַ חלום.
איין קינד טוט זי אַ גלעט איבערן אַקסל,
איין קינד טוט זי אַ קוש אויפן שטערן.
הויך אויף אַ קול רופט זי אויס
אַלע קינדער זאָלן הערן:
— אַ גוטע נאַכט, איצט דאַרף מען שלאָפן,
מאָרגן, וועלן מיר זיך ווידער זאָגן: שלום. —

קולות האָבן די נאַכט געשפּאָלטן,
האָט זיך שוועסטער דבורה
אַריינגעטראָגן ווי אַ ווייסער וואָלקן
און צוגעפאַלן צום בעט,

גלייך אַ זינקענדיקע שיף חלילה,
גלייך אַ שׂרפֿה:
שטילקייט האָט די קינדער דערשראָקן,
האָבן זייערע קולות אויפֿגעוועקט די נאַכט.
און שוועסטער דבורה, מיט זיי אין קלאָגן,
האָט פֿון זייער מורא אַ שפּיל געמאַכט.
און קינדער זיינען געבליבן שטיל,
און קינדער האָבן פֿאַרהאַלטן די טרערן.

שוועסטער דבורה האָט אויפֿן קול זיך צעוויינט
און קינדער האָבן זיך צעשמייכלט דורך טרערן:
קינדער איז געפֿעלן די שפּיל — — —
— קינדער, וואָס זאָל שוועסטער דבורה אייך געבן?
— איך וויל אַ פּלעצל מיט ציבעלע,
זאָגט דער בלייכער בערל, —
אַ פּלעצל מיט גרינע ציבעלע.

— איך וויל אַ מאַמאַליגע מיט ברינזע —
פֿלאַמט הערשל מיט זיינע קוילן־אויגן.

— איך וויל אַלע טאָג אַ ביסעלע וויינען,
בעט זיך פֿריידעלע —
אַלע טאָג אַ ביסעלע וויינען.

— איך וויל שוועסטער דבורה זאָל מיר זיין אַ מאַמע,
כליפּעט די קליינע חנה.

— גוט, כאַפּט זיך שוועסטער דבורה אין בעט אַריין.
לאָמיר צענעמען די הענט ווי פֿליגל,
און די בעט וועט אַן עראָפּלאַן זיין
און מיר וועלן פֿליען —
איבער בערג און איבער טאָלן,
איר הערט קינדער?
דו הערסט חנה?
מיר וועלן פֿליען

איבער בערג און איבער טאָלן
און מיר וועלן אָנקומען אין אַ לאַנד,
וואו יעדער קינד האָט אַ מאַמע
און פֿליענדיק, וועלן מיר זינגען אַ ליד:

איבער בערג און איבער טאָלן
פֿליען עראָפּלאַנען —
אינם לאַנד פֿון בערג און טאָלן
פֿאַר קינדער פֿרייד פֿאַראַנען:

אַ ווייס קלייד פֿאַר יעדן קינד
אַ סטענגעלע אַ בלויע,
דער גוטער טאָג פֿאַריאָגט דעם ווינט
און שפּרייט אויס הימלען בלויע.

פּרדסים זיינען גוטע באָבעס,
טיילן באָקסער, טייטלען און מאַראַנצן;
געשטאַרקט אין בענטשונג פֿון די אבות
גייען די קינדער טאַנצן,
אַיידי, אַיידידל־די
גייען די קינדער טאַנצן.

⁂

אין יעדן קיבוץ און קבוצה
איז דאָ אַ שוועסטער דבורה,
זי קושט זיי אויס די טרערן
און ווישט אָפּ די מורא.

# אַ וויגליד

**(1944)**

אָן גוטסקייט קאָן די וועלט ניט געדייען,
וועט גאָט אין הימל דעם מענטשן דערפרייען:
שלאָפט, קינדערלעך, שלאָפט איין,
דער מאָרגן וועט אַ ליכטיקער זיין —

וועלן שיפן שווימען, אויף טייכן אויף ים׳ען
און ברענגען צו אייך דעם טאַטן און מאַמען;
דער שמיד וועט שמידן, דער שניידער וועט נייען,
דאָס פעלד וועט מען אַקערן, קאָרן פאַרזייען.

די זון וועט קושן די שפּיצן פון זאַנגען,
פויערן וועלן אַרבעטן מיט פרייד, מיט געזאַנגען;
די מיל וועט צעמאָלן דאָס גרויל פון דער וועלט,
איך זע שוין דעם טאָג — ער ליכטיקט, ער העלט.

שלאָפט, קינדערלעך, שלאָפט איין,
דער מאָרגן וועט אַ ליכטיקער זיין —
אַיילע ליו־ליו־ליו, אַיילע ליו־ליו־ליו,
ס׳איז נאַכט, און שלאָף, און רו — —

# אַ מעשה מיט אַ פּרינצעסין

## א

ס׳איז דאָ אַ מדינה מיטן נאָמען בריטן,
האָט די מדינה טאָמים, און לאָרדן, און סערן,
אַ קרוין מיט אַ קעניג,
און זעלנער וואָס היטן.
היטן זעלנער די קרוין מיטן קעניג
און פֿאַרגעסן, אַז ס׳פֿעלט
אויף זאָקנבענדלעך אַ פֿעניג.
וואַקסט זאָרג מיט די טעג,
וואַקסט זאָרג מיט די יאָרן:
די קרוין האָט קיין יורש,
קיין פּרינץ נישט געבאָרן.
טראַכטן לאָרדן און סערן,
טראַכט דער קעניג אַליין:
— כ׳וועל ניט אָפּגעבן ס׳פֿאַרמעגן,
כ׳וועל ניט אָפּגעבן די קרוין;
כ׳האָב אַ מיידעלע ליזה
טוט זי דריי מאָל אין טאָג עסן,
וועט מיין מיידעלע ליזה
זיין קרוינפּרינצעסן,
האַי־דער, האַי־דער,
זיין קרוינפּרינצעסן.
פֿרייט זיך די מדינה
מיט דער קרוינפּרינצעסן,
וואָס טוט וואַקסן און קוועלן
און דריימאָל אין טאָג עסן,
האַי־דער, האַי־דער,
מיט דער קרוינפּרינצעסן.

ב

אין דער מדינה בריטן
מיט לאָרדן און סערן,
שטייען זעלנער און היטן
ס׳זאָל קיין מחלוקות ניט ווערן
איבער טייכן און ים׳ען,
איבער לענדער און גרענעצן,
און די בריטאַניער אַליין
טוען די וועלט צעפּענעצן — — —
שווימען באַרזשעס און שיפן,
עראָפּלאַנען פליען —
צו די גרענעצן פון בריטן
טוט מען איידלשטיינער פירן:
מירמל, בורשטינען
און פּערעלעך שנירן,
ביקסלעך, און בשמים,
און ווייִרעך פאַר גאָט;
ווייצן און קאָרן —
בריטאַניעס געבאָט!

ג

צו פאַרשרייבן די אוצרות
איז אַ שאָד דאָס פּאַפּיר —
טו איך מיטן פעדער אַ צייכן,
מיט דער האַנט אַ פיר
און כ׳הויב אָן די מעשה
מיט דער קרוינפּרינצעסן,
וואָס האָט געטאָן וואַקסן און קוועלן
און דריימאָל אין טאָג עסן.
אין גאַנג מיט די טעג,
אין גאַנג מיט די יאָרן,
איז די קרוינפּרינצעסן
אַ כלה געוואָרן —
האַי־דער, האַי־דער,
אַ כלה געוואָרן.

ד

זיינען טאָמיכעס געקומען:
מיט שפּינדלען צום שפּינען,
מיט שערן צום שניידן,
מיט נאָדלען צום נייען,
מיט אייזנס צום פּרעסן —
די קליידלעך פון טיולן,
די קליידלעך פון זיידנס,
פאַר דער בריטישער כלה —
פאַר דער קרוינפּרינצעסן.
און כּליזמרים זיינען געקומען,
מיט פידלען, מיט פלייטן,
אויף סטרונעס גערימפּלט,
געריייניקט די פלייטן.
די פּויק האָט געבאָמצעט אויף מעשענע טאַצן,
דער באַס האָט פון דיל זיך צום סטעליע געצויגן,
האַרפּיסטן האָבן אויף האַרפן געציםבלט —
געכישופט מיט טענער אין קיניגלעכן אָרקעסטער,
ס׳איז געקומען די כלה
מיט דער ייִנגערער שוועסטער.
געטאָן האָט קאַפּעלמייסטער
זיך בוקן און בייגן,
די גאַנצע קאַפּעליע
געטאָן האָט זיך נייגן:
— מאַיעסטעטישע כלה, קרוינפּרינצעסן,
זאָג אונדז דיין ווילן, זאָג דיין באַגער! —

ה

— מיין באַגער און מיין ווילן
כ׳וועל טאָן היינט דערקלערן:
אויף מיין האָכצייט דער שענסטער
די קאַפּעליע זאָל שפּילן:

„דער חלום דער ריינסטער,
ווייס ווי שניי"
און די געטלעכע פסאַלמען די צוויי:
כף גימל און סמך זיין,
און גאָט זאָל זיך מרחם זיין,
און ליכטיקן דעם רעיון. —
האָט קאַפּעלמייסטער אַ פּאָך געטאָן
מיטביידע הענט —
האָט געשפּילט די קאַפּעליע
און ס'האָבן געציטערט די ווענט:
אַ מזמור פון דוד'ן
אויף פויקן אויף טאַצן,
ס'האָט געשפּילט די קאַפּעליע,
און סטרונעס האָבן גענומען פּלאַצן.
האָט אַריינגעמאַרשירט דער אירלענדער
מיט זיין „איירישן דזשיג",
געשפּילט האָט דער שאָטלענדער
אויף זיינע פייפלען די זיבן.
גע'דבק'עט האָט אינדיע,
אין תפילה, אין מורמל.
פון אַלע דאָמיניאָנס
האָט מען זיך געקליבן:
מיט קעסעלעך שטערלינג,
מיט גאָלד, מיט דיאַמאַנטן,
מיט קערבעלעך בשמים
און פּעק מיט געוואַנטן.

ו

געהילט איז לאָנדאָן אין טומאַן, אין רעגן,
טהעמז ריווער ז'געשוואָלן מיט איבערפלוס.
די בריקן איבערן טייך
וויגן זיך מיט פוסגייער, מיט פאָרער.
זקנים און זקנות,

מאַמעס און קינדער
באַלאַגערן די וועגן,
מען גייט, און מען גייט, און מען גייט —
צו בוקינגהעם־פּאַלאַץ
פֿירן אַלע וועגן.
געהילט איז לאָנדאָן אין טומאַן, אין רעגן,
טהעמז ריווער איז געשוואָלן פֿון איבערפֿלוס.
מאַמעס און קינדער זיינען געזעסן
דריי קיילעכדיקע מעת־לעת'ן
און געוואַרט, און געוואַרט, און געוואַרט.

ז

צו וועסטמינסטער עבבי
האָט זיך געצויגן די פּראָצעסיע:
דער עקיפּאַזש אין ווייסן־געשפּאַן,
לימוזינען, קאַליאַסקעס, רייטער
אויף פֿערד מיט זילבערנע שפּאָרן
האָבן געשטויסן גרויען טומאַן —
דער וועג זאָל ליכטיקן און קלאָרן
פֿאַר טויזנט־יאָריקער דינאַסטיע,
פֿאַר סואווערענע מחותנים
פֿון זעקס קאָנטינענטן און זיבן ימים:
צו וועסטמינסטער עבבי
האָט זיך געצויגן די פּראָצעסיע.

ח

אָנגעלענט אויפֿן אָרעם פֿון קעניג דזשאָרדזש דעם זעקסטן,
אין געמאָסטענעם טראָט האָט די כלה געשפּאַנט;
די ווייסע שלעפּע — אַ שלאַנג אין קריכן,
געקרייזט האָט מען דעם קבר פֿון אומבאַקאַנטן סאָלדאַט.
אין אָנגעזיכט פֿון פּריסטער האָבן טרומפּייטן געבלאָזן
און געשפּאָלטן די שטילקייט אויפֿן וועג צום אַלטאַר.

געהילט איז די קירכע אין טונקעלן־גרוי,
ס'בלענדט דער אַלטאַר מיט שטראַליקן־גאָלד.
ס'פּלעמלען די ליכט פֿון זילבערנע לייכטער,
דאָס בריליאַנטן־געפֿינקל לויכט־אויף דעם פֿאַרנאַכט.
דער דיען הויבט אָן זינגען „דירלי בילאָוועד"
און ס'פּרעפּלען די פּריסטער מיט ברכות, מיט כבוד.
דער וועסטמינסטער כאָר זינגט אַ מזמור פֿון דודן —
„גאָט זאָל לייטזעליקן און אונדז בענטשן" *).

## ט

אַ זילבערנער קול האָט די לופֿט דורכגעשניטן
און אָפּגעשטעלט דאָס געזאַנג פֿון קאַפּיטל תהלים:
— ווער דאַכט, אַז כ'וויל מלוכה'שן כבוד?
רופֿט אויס דער געזאַנגמייסטער דוד בן ישי,
— ווער זאָגט, אַז כ'קאָן ניט דערציילן פֿון טויזנט גסיסות?
— ווער זאָגט, אַז כ'קאָן די קדושים ניט אויפֿרופֿן דאָ?
אָט זיינען פֿאַרפּייניקטע דורך וואַסער, דורך פֿייער,
אויף שטרומאַ,
אויף פּאַטריאַ —
בריטאַניעס צוושטייער!

## י

פֿון אַלע פֿיר ווינקלען האָבן זיך געשטאַלטן באַוויזן:
אָט איז אַ קינד — אַ צדיק פֿאַרשניטן,
אָט איז אַ מאַמע — לויטערער געוויין,
אָט איז אַ כלה — איר חופּה אויפֿן טויט פֿאַרביטן —
וועלן דורות קלאָגן
אויף אירע ניט געבוירענע קינדער די זיבן —
טענה'ט די מאַמע פֿון די ניט געבוירענע קינדער די זיבן:
— מאַיעסטעטישע כלה, קרוינפּרינצעסן

---

*) סז—2, תהלים.

אויף דיין „האָכצייט דער שענסטער"
וועט מען די פּסאַלמען ניט שפּילן:
היות והיות
דיין קרוין איז פֿאַרבלוטיקט,
אויף ימים די זיבן
הערט מען קולות זיך טראָגן,
פֿון די קינדער פֿון יעקב'ן,
פֿון די אייניקלעך פֿון אברה'מען.
דיין קרוין האָט פּליטים־שיפֿן
געיאָגט און געטריבן,
דיין קרוין האָט צעעפֿנט בלוטיקע תהומ'ען,
קאָן ניט רוען דאָס שוים אויף ימים די זיבן,
קאָן דיין אָרקעסטער די געטלעכע פּסאַלמען ניט שפּילן.
דער געזאַנגמייסטער דוד
האָט אויף זיין האַרף געטאָן שפּילן
אַ געזאַנג און אַ לויב צו גאָט —
זאָל דער קיניגלעכער אָרקעסטער
די פּסאַלמען ניט שפּילן!
דאָס איז דער ווילן
דאָס איז דער באַפֿעל
פֿון די קינדער פֿון יעקב'ן
פֿון די אייניקלעך פֿון אברהמ'ען. —

# גע טאָ ׳ל ע

(פּאָלקיש)

ווען די רויטע אַרמיי האָט באַפרייט לובלין, זיינען פון די באַהעלטעניש געקומען יידן און צווישן אַ גרופּע קינדער איז געווען אַ מיידעלע, דאָס ערשטע קינד, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין געטאָ, האָט מען איר אַ נאָמען געגעבן —געטאָ׳לע.

— פון די נייעס.

געבוירן ביזטו געטאָ׳לע,
געבוירן אין אַ צייט —
מיין חלום פון אַ בעטעלע
איז זייער, זייער ווייט.
גלעט איך דיך מיין מיידעלע,
קוש איך דיך מיין קינד;
ס׳וועט ברענגען דיר אַ קליידעלע
דער גוטער, גוטער ווינט.

געקומען ביסטו מיידעלע,
געקומען אין אַ יאָר —
מיין חלום טייער מיידעלע:
מיר פּאַר דיין ליכטיקן דור.
גלעט איך דיינע פּיסעלעך,
קוש דיך מיט מיין בליק;
ס׳וועט דיר ברענגען ניסעלעך
דער קלוגינקער וועוורוק.

שלאָף־זשע איצט מיין געטאָ׳לע,
שלאָף־זשע איצט מיין קינד —

ס׳וועט ברענגען דיר אַ בעטעלע
דער אָדלער דורכן ווינט!
דער אָדלער האָט צוויי ריזן־פֿליגל
און מאַטאָרן פֿיר —
ער׳ט צעבראָכן נאַצי־רינגל,
דעם העלישן וואַמפּיר.

געקומען ביסטו קינדעלע,
געקומען אין אַ צייט —
מיין חלום פֿון אַווינדעלע
איז זייער, זייער ווייט.
די צען געבאָטן מיידעלע
וואַנדערן אָן אַ לאַנד;
די שווערד איז אויסן שיידעלע,
די שווערד — אין שעכטערס האַנט.

געבוירן ביסטו געטאָ׳לע,
געבוירן אין אַ יאָר —
דיין גורל טייער געטאָ׳לע
פֿון אַ הערא‏אָיש גרויסן דור:
וועסט נאָך זיין, מיין מיידעלע,
דער עדות פֿון אַ צייט;
דערציילן וועסטו מיידעלע —
דורך וואונדער זיין באַפֿרייט.

שלאָף־זשע איצט מיין געטאָ׳לע,
שלאָף־זשע איצט מיין קינד —
ס׳וועט ברענגען דיר אַ בעטעלע
דער אָדלער דורכן ווינט!
דער אָדלער האָט צוויי ריזן־פֿליגל
און מאַטאָרן פֿיר —
ער׳ט צעבראָכן נאַצי־ריגל,
דעם העלישן וואַמפּיר.

# אַ שפּיל

ייִדישע קינדער שפּילן
אַלף־בית מיט פרייד.

אַלעף כץ

מענדל האָט געוואָלט שפּילן אַ שפּיל,
דערווייל האָט ער נאָך אַליין ניט געוואוסט,
צי זאָל ער האָבן אַ דאָרף מיט אַ מיל
און זיין דער אַלטער מילנער וואָס הוסט;

צי זאָל ער זיין אַ מאַטראָס אַ גרויסער
און פירן שיפן איבער ווייטע ימ׳ען,
אַזוי־ווי זיין ליבער אָנקל לייזער
און ברענגען מתנות זיין שיינער מאַמען;

צי זאָל ער נעמען די שיף מיטן זעגל,
זיין שיף איז באַמאָלן מיט פייגל, מיט שטערן,
דער מאַסט איז באַשלאָגן מיט גילדערנע נעגל,
פון אַ שענערער שיף איז נישטאָ וואָס צו קלערן!

דערווייל קומט אָן כאַשע און לייקע און פריידל,
מיט בלעכענע עמער און מיט אייזערנע רידלען.
דוד און באַבי און אַ נאַוואָטנינקע מיידל,
זיי ברענגען צום רומל דריי גרעסערע רידלען.

צעטיילט מען דעם הויף, אויף מעזשעס, אויף בייטן:
דאָ זייט מען רעטעך, דאָ באָב אין די שויטן,
אַ ביסעלע בוריקעס און אַ סך, אַ סך קווייטן,
און דאָ זייט מען מאָן, פלאַמיקן, רויטן.

זאָגט באַבי: איך וויל פֿירן דעם אַקער־אייזן
און אויסלייגן בייטן ברוינע ווי טאָרטן,
טענהט מענדל: איך קאָן שענערס באַווייזן:
איך קאָן שפּילן אין האַפּן, אין פּאָרטן.

זאָגט לייקע: און איך וויל פֿאַרזייען שלום, —
מיין מאַמע און די גאַנצע וועלט זאָל זיך פֿרייען.
חוזקט מענדל: אין גאָרטן וואַקסט ניט קיין שלום;
שרייט לייקע: מען דאַרף עס נאָר גוט פֿאַרזייען!

עס ברעכט אויס אַ קריג און די שפּיל איז אין קאָן,
פֿלאַמט כאַשע מיט קולות: עס מוז ווערן שטיל!
און לאָמיר טאַקע זען, וואָס מען קאָן דאָ טאָן,
מען זאָל חלילה ניט קאַליע מאַכן די שפּיל.

צעטיילט מען דעם הויף, אויף מעזשעס, אויף בייטן,
דאָ זייט מען קאָרן, דאָ ווייצן און תבואות;
אַ ביסעלע בוריקעס און אַ סך, אַ סך קווייטן
און טייערע, ליכטיקע גרינס אויף שבועות.

בויגן זיך פֿלייצקעס איבער עמער און רידל
עס אַרבעט די חברה מיט פֿרייד, מיט געזאַנג;
מחיה׳דיק זינגט מען דאָס יידישע לידל —
אַזוי גייט די שפּיל ביז זון אונטערגאַנג.

# קינדער שפּילן

קינדער אין מיטן שפּיל,
שמייען קליינוואַרג שטיפער,
אברהמ׳ל בויער בויט אַ מיל
און שמואל ווערט אַ שיפער.

עמוס — ער ליגט אויס אַ וועג
אין הויף אויף זאַמד אויף געלן,
קינדער שפּילן דורך די טעג
אין וואונדערלאַנד אין העלן.

ליגן קינדער אויס אַ פּלאַן —
אויפשטעלן אַ קאַרוסעל,
חיים ברענגט מיטן באַן
זעקלעך זאַמד ווייס ווי מעל.

כאַשע באַקט אַ קוכן, בייגל,
פון געלן זאַמד אַ שטרודל;
גרייט צום טיש די קליינע פייגל,
שטיפט דער פלינקער יודל.

הוליען קינדער, זינגען לידער,
פרייט די זון זיך אויך מיט זיי —
פלעכט זיי שטראַלן איין אין גלידער
און שוועבט מיט זיי אין איין געדריי.

⊞ ⊞ ⊞
⊞ ⊞

# אויפֿן אינדזל קובאַ

איייניקל פֿאַרשליידערטער
אויף אַ פֿרעמדן ברעג;
פֿון דיינע אבות אָפּגעווענדט,
גרויע מעשׂיות שפּינען דיינע טעג.

איייניקל פֿאַרשליידערטער,
אָפּגעבראָכן פֿון דיין שטאַם;
פֿאַרטראָגן אויף אַ דאָרן־אינדזל,
ברויזט דאָס לעבן — אומרואיקער ים.

איייניקל פֿאַרשליידערטער
פֿון דיין אייגן וויג, —
ניט באַשערט איז דיר צו הערן,
פֿון ראָזשינקעס און מאַנדלען ס׳ליד.

איייניקל פֿאַרשליידערטער
אויף אַ פֿרעמדן ברעג —
מיטן אויפֿגיין פֿון דיין דור,
נייע מעשׂיות שפּינען דיינע טעג — —



# ציפקע

ציפקע איז אַ פּיצל מיידל,
יידיש רעדט זי צוקער־זיס;
זי עסט געשמאַק באַטעמטע קניידל
און קיכעלעך פון מאַנדל־ניס.

אין שטוב ביי איר איז קינדערגאָרטן,
שפּילן קליינוואַרג דורכן טאָג,
פירן זייערע שמועסן דאָרטן
און קליינע כאַשע טוט אַ זאָג:

— אַ בושל אין זיין לאַנגן שנאָבל
אַ ליילעך האָט פאַרבונדן דאָרט,
מיר געבראַכט אַ שוועסטער האָדל
פון אַ ווייטן, ווייטן אָרט. —

לאַכט זיך אויס פרעדי קליינער:
— אַ שוועסטער ברענגט דער דאָקטאָר דיק,
אין אַ וואַליזע אין זיין קליינער —
ער נעמט זי קיינמאָל ניט צוריק!

טענה'ט ציפּקע מיט די קינדער:
— אַנדערש איז די גאַנצע זאַך,
מאַמעס האָבן קליינע קינדער
און דערציילן מעשיות זיי אַ סך:

„קינדער דאַרפן זינגען לידער,
רעדן יידיש צוקער־זיס —
אויסטאַנצן די פרייד אין גלידער
און צוטופּען מיטביידע פיס;

אויפשטעלן אַ הויז און קוימען,
פון פראָסטע קלעצלעך קוב אויף קוב,
צעטראָגן ביז אין ווייטע רוימען
דאָס יידיש ליד אין יעדן שטוב".

ציפּקע איז אַ פּיצל מיידל,
יידיש רעדט זי צוקער־זיס;
זי טיילט די קינדער מצה־קניידל
און קיכעלעך פון מאַנדל־ניס.

# חנהלעס ערשטע רייזע

צו פינף יאָר האָט חנהלע
אָנגעהויבן אַרויסהעלפֿן איר מאַמען,
נישט ווי די עלטערע שוועסטער,
וואַשן, שייערן און ראַמען.

חנהלע פֿלעגט וויגן
דאָס עופֿהלע אין וויג
און פֿאַרוויגן עס
מיט אַ קינדעריש ליד.

הויך אונטער דער סטעליע,
אויף אַ גראָער שטריק,
געוויגט האָט זי אַ וויגעלע
אַהין און צוריק.

האָט זיך חנהלע פֿאַרשפּילט
הוידענדיק דאָס וויג
און אַריינגעפֿלויגן אין
וויגעלע, זינגענדיק אַ ליד.

פֿליען קינדער צוויי
העכער נאָך פֿון הויך —
אָט דערגרייכן זיי הוידעס
פּוכיקע, בלוי און ווייך.

רייסט די מאַמע איבער
דאָס פֿלי אין העכסטן שוואונג,
אַ דערשראָקענע טוט זי
צום וויגעלע אַ שפּרונג:

„צייט אַ מויד זאָל וויסן,
ווי אַ קינד צו היטן —
הוליענקען זי וויל נאָר!
זאָלסט מיך, גאָט, באַהיטן

פֿון אַ מויד אַ ווילדער,
אַ שטיפֿערן אַ גוואַלד!
דו וועסט ביי מיר ניט וואַקסן,
ווי די ווילדגראָזן אין וואַלד".

חנהלע פֿאַרכלינעט זיך
אין געוויין, אין שרעק, —
לויפֿנדיק אין כליפּען
איז זי אין הויף אַוועק;

ברענען איר די אויגן,
ברענען אין פֿאַרדראָס, —
שפּרינגט אַזוי אַנטקעגן
אַ ליבע גרינע פֿראָש.

נעמט אַריין עס חנהלע
אין אירע הענט מיט פֿרייד —
רעדט צום פֿראָש, דערציילט
איר ביטער האַרץ אין לייד.

אָפּגעקילט איר האַרצווייטיק,
דעם פֿלאַמיקן פֿאַרדראָס —
שיקט חנהלע אין טייך אַריין
די ליכטיק־גרינע פֿראָש.

דאָס טייכל באָדט די זון,
חנהלע טונקט אירע פֿיסלעך אָפּ;
טויזנט ווייסע וואַסער־ליליען
הוידען צו איר מיטן קאָפּ.

אין שווייגן, אַ פֿאַרחלומטע
שלייכט חנהלע אין גאָרטן אום,
ציילט זי בעבלעך מיט די שויטן
וואָס וויקלען שטענגעלעך אַרום.

די זונרויז מיט די שוואַרצע קערלעך
קוקן ליב אַראָפּ צו איר,
ווי פּינטלעך, וואָס דער ברודער שרייבט
אויף געווירעט ווייס פּאַפּיר.

קוקנדיק דערזעט חנהלע
זילבער־ווייסע פֿערד — — —
אויפֿן הימל יאָגן זיי
פֿלינקער ווי אויף דר׳ערד!

און חנהלע סדרט אויס אַ שפּיל:
אויס מיט וויגן, אויס מיט שרעק!
פֿאַר יעדן קינד אַ זילבערנעם פֿערד
מיט אַ גילדענעם עק — — —

זיי הוידען זיך און רייטן
אַרום דעם הימל־ראַנד,
קומט איינער אָן אַנטקעגן
פֿון אַ ווייטן, ווייטן לאַנד.

אויף דריי פֿערדלעך גילדענע
נאַשפּיץ איינגעשפּאַנט —
יאָגט ער זיי און יאָגט
מיטן בייטשל אין זיין האַנט.

גאַלאָפּירן פֿערדלעך גילדענע
נאָענט ביים הימל־ראַנד —
שטרעקט דער פֿרעמדער רייטער
צו די קינדער אויס זיין האַנט:

ער טיילט זיי אוים מתנות,
מיצן פֿון אמתן גינגאָלד,
פֿון רעגנבויגן בייטשלעך,
און יעדן האָט ער האָלט.

— העי! שמייסן זיי די פֿערדלעך
און שפּילן קאַרוסעל —
הימל ווערט אַ גרויסע ראָד
און זון שיינט זוניק־העל.

*****

זינט יענעם, יענעם טאָג —
זינט חנהלעס ערשטע רייזע
שפּילן קינדער די שענסטע שפּיל,
ווי מען לייענט אין אַ מעשה.



# גילדענע בינען

גילדענע בינען
זיינען אַוועקגעפלויגן
פון דאַנען —
דעם זומער פאַרנומען,
דעם זומער פאַרנומען.

גילדענע בינען
פלעגן אין אויערן
פון בלומען —
סוד'ען מיט האָניק,
סוד'ען מיט האָניק.

גילדענע בינען
פלעגן אויף שפיצן
פון זאַנגען —
מיט שטראַלן פון זון
זיך וויגן און וויגן.

גילדענע בינען
פלעגן גילדענעם
האָניק —
אין בינשטאָקן
שפינען און שפינען.

גילדענע בינען
זיינען אַוועקגעפלויגן
פון דאַנען —
דעם זומער פאַרנומען,
דעם זומער פאַרנומען.

די וועלט איז אַ וואונדערלעכע
מעשה; יעדעס קינד אין דער
וועלט איז נישט נאָר אַ קונדס
און אַ שטיפער, נאָר אויך אַ
שיינע מעשה — אַ גאַנצע וועלט.

# אין דער קינדערהיים

אַ מוראדיק געוויין פֿון אַ קינד האָט איבערגע־
שראָקן די לערערין פֿון דער קינדערהיים אויף דער איסט
סייד. אַהין ברענגען אָרעמע מאַמעס זייערע קינדער
אויפֿן גאַנצן טאָג, אַליין גייען זיי אַוועק אַרבעטן. די לע־
רערין קומט פֿריער, איידער די מאַמעס הייבן אָן ברענגען
די קינדער. זי מאַכט דעם פּלאַן פֿון טאָג, גרייט אַלץ צו
— ליים צום קלעפּן, די בערשטלעך צום מאָלן און טיילט
איין די צייט: ווען צו שפּילן, ווען צו זינגען און ווען צו
רוען.

אַ דינער קוויטש, ווי אַ פּייפֿל, עפֿנט די טיר. אויפֿן
שוועל באַווייזט זיך אַ מאַמע מיט אַ קינד. דאָס קינד
איז איינגעקלאַמערט מיטביידע הענט אַרום איר האַלדז
און דאָס פּנים זיינס אויף איר אַקסל.

— סעמעלע, קינד מיינס, וויין ניט, פּרובירט די מאַ־
מע פֿאַנאַנדערצונעמען זיינע הענט, — זעסט, זונעלע,
אָט איז די לערערין.

דאָס קינד הויבט אויף זיין קאָפּ פֿון דער מאַמעס
אַקסל, גיט אַ קוק אויף דער לערערין, וואָס שטייט און
שווייגט. די מאַמע בייגט זיך איין און לאָזט אַראָפּ דאָס
ייִנגל פֿון די הענט. סעמעלע טוליעט זיך צו דער מוטער
מיט אַ שטילן כליפּען.

די טיר עפֿנט זיך. נאָך מאַמעס ברענגען קינדער.
דערזעענדיק אַ נייעם קאַנדידאַט, וואָס האַלט נאָך אין
וויינען, דערשרעקן זיך די מאַמעס — זייערע קינדער

זאָלן זיך ניט דערמאָנען און ניט צעוויינען זיך פֿון דאָס ניי.

די לערערין באַגעגנט יעדע מאַמע און די קינדער מיט אַ פֿריינדלעכן גוטמאָרגן. קליינוואַרג לויפֿן איר אַנטקעגן: — גוטמאָרגן מיס רעידער, גוטמאָרגן מיס רעידער. דוד פֿינקלשטיין, דער מאַניטאָר, קומט אַריין מיט אַ שטורעם. ער וויל ניט מען זאָל אים פֿירן אין דער קינדערהיים. „אַ מאַניטאָר קאָן גיין אַליין", טענהט ער מיט זיין מאַמען, און דוד פֿירט אוים!

סעמעלעס מאַמע נעמט אים פֿאַר אַ האַנט און פֿירט אים צו צום דעסק, וואו ס'איז דאָ ליים, בערשטלעך און ביכלעך. אויף די ווענט הענגען בילדער געמאָלן אין ליכטיקע פֿאַרבן. — זעסט, סעמעלע, ווייזט זי אים אָן אויף די שפּילצייג און בילדער, — זעסט אָט שווימען ענטלעך אויף אַ בלאָען טייך, אָט איז אַ ייִנגל אַ ריז, ער שפּילט באָל. אַנו, צייל איבער די פֿייגל וואָס פֿליען אונטערן הימל!

קליינוואַרג זעצן זיך אוים אַרום טיש. די לערערין שטעלט צו אַ שטול פֿאַר סעמעלען. דוד ברענגט פֿון דעסק די בערשטלעך, פֿאַרב, פּאַפּיר. די לערערין טיילט עס איין צווישן די קינדער און זי ווענדט זיך צו סעמעלען: — סעם קליינמאַן, ווילסטו אויך מאָלן שיפֿן און עראָפּלאַנען? סעמעלע גיט אַ קוק אויף זיין מאַמען און אויפֿן לאַנגן טיש, זיינע שוואַרצע טרויבן־אויגן ווערן גרעסער אין פֿאַרוואונדערונג! קיינמאָל אין זיין לעבן האָט סעמעלע ניט געזען אַזויפֿיל בערשטלעך און אַזאַ נידעריקן טיש וואו קינדער זיצן איבערגעבויגן און מאָלן און מאָלן.

אָן ווערטער האָבן זיך מאַמע און לערערין פֿאַרשטאַנען, אַז סעמעלע וועט אויך באַלד איינבייגן זיין שמאָל פּלייצעלע און שמירן מיט אַ בערשטל ווי די איבעריקע קינדער טוען. די לערערין קרייזט אַרום טיש און קוועלט אָן פֿון די קינדער.

ווי צום אויסבאַרימען זיך פֿאַר דער מאַמען, וואַרפֿט סעמעלע אַ בליק צו דער טיר, דערזעט, אַז די מאַמע זײַנע איז אַוועק, ברעכט ער אויס אין אַ ביטער געוויין.

די לערערין פּרובירט אים איינשטילן, פֿאַרגייט ער זיך נאָך מער אין געוויין, און זי לאָזט אים אָפּ.

דערווײַל דאַרף מען בײַטן די פּראָגראַם. די לערערין טוט אַ פֿײַף און די קינדער לייגן אַוועק די בערשטלעך. — איצט מאַכט מען פֿיזישע איבונגען, דערקלערט די לערערין. שטעלן זיך קינדער אין גלײַכע רייען און מען הייבט העצנטלעך אין דער הייך, מען בייגט זיך — דער־לאַנגן דעם דיל מיט די שפּיץ־פֿינגער. דערנאָך שפּרינגט מען ווי האָזן! אַז מען ווערט גוט מיד, זעצט מען זיך אויס אויפֿן דיל אין אַ צירקל, ווי אַ קראַנץ — געפֿלאָכטן. גלידער זײַנען פֿול מיט באַוועגונג, הערצער אָנגעגאָסן מיט פֿרייד פֿונם שפּרינגען און קאַמאַנדעווען, פּלאַפּלט מען. יעדער איינער דערציילט, אַז אָט, אָט און ער קאָן דערלאַנגען די סטעליע, דעם הימל! געלעכטער און פֿלאַמענדיקע אויגן צעטראָגן ממש דאָס צימער. סע־מעלע טוט זיך אַ הייב פֿון ווינקל, וואו ער איז געזעסן צווישן ביכערשראַנק און דעסק. מיט איין האַנט אין זײַן הויזן־קעשענע בלײַבט ער שטיין לעבן דער לערערין, וואָס שפּילט זיך גלײַך מיט די קינדער. די לערערין פֿרעגט אים: — סעם קליינמאַן, ווילסט זיך אויך שפּילן מיט אונדז? ניט וואַרטנדיק אויף זײַן ענטפֿער, רוקט זי זיך אָפּ און ווײַזט אים אָן אויף זײַן פּלאַץ. ער לאָזט זיך אַראָפּ און ווערט איינער פֿון באַוועגלעכן קראַנץ.

— נו, קינדער, לאָמיר דערציילן מעשות, זאָגט די לערערין צו די קינדער, זוכנדיק מיט די אויגן וועמען אויסצורופֿן? — עדנאַ, דערצייל דו עפּעס. עדנאַ שטעלט זיך, זי טוט אַ שאָקל איר ציכטיק־אויסגעצוואָגענעם קאָפּ, און אירע לאָקן, ווי די וואורשטלעך, גיבן זיך אַ טרייסל. זי הייבט אָן דערציילן, גיך־גיך, ווי אימיצער וואָלט זי גע־יאָגט: — מײַן מאַמע זאָגט, אַז אַמאָל וועלן הינער אויס־

פירן הינדעלעך אָן פעדערן, און מיין מאַמע וועט ניט דאַרפן פליקן אַ סך, אַ סך הינער כדי צו פאַרדינען געלט!

—איך האָב ליב הינער־לעבערלעך! שרייט אוים עדי.

— אָ, יע? רופט אוים דוד, און דאָס מיינט — „אָרד־נונג!".

— און איך האָב ליב „טשיקן פריקאַזי"! כאַפּט אונטער פרעדי און מאַכט אַ מינעלע דערביי, אַז דוד'ס באַפעל אַרט אים זייער ווייניק.

— מאַלווין, וואָס ווערסטו דערציילן? רופט אוים די לערערין. מאַלווין ווערט רויט און אַלע זומערשפּרינקע־לעך ווערן אים פאַרלאָרן אויפן פּנים. — ווען מים רעידער וועט געבן ליים צום קלעפּן, וועל איך ניט מאַכן קיין לאָקשן, אַזוי ווי עדנאַ, איך וועל מאַכן אַ „פּאָני", איך וועל זיך זעצן רייטנדיק אויף מיין „פּאָני" און אויספאָרן אַלע פאַרקס!

— סעם קליינמאַן, אפשר קאָנסטו אויך דערציילן אַ מעשה? פרעגט אים מים רעידער. ער שטעלט זיך אויף, גיט אַ בליק מיט די שוואַרצע אויגן אַ ביסל פאַר־שעמט און זיין גוף וויגט זיך ווי אַ צווייגל אין ווינט.

— מיין „דעדי" פלעגט זייער אַ סך הוסטן, ביז ער איז אַוועק, וויים, וויים, זאָגט די מאַ. איצט איז מיין מאַ אויך אַוועק. אָבער זי וועט צוריק קומען, שאָקלט ער מיטן קאָפּ און אַרום זיין מויל שניידט זיך דורך אַ דינער ציטער. — זי האָט ניט געהוסט מיין מאַ!

— אַוודאי וועט דיין מאַמע צוריק קומען, באַרואיקט אים די לערערין און טוט אים מוטערלעך אַ גלעט איבער זיינע צוקנדיקע אַקסלען.

— נו, חיים, דו וועסט היינט עפּעס דערציילן? ער שטעלט אָן די ליפּן זיינע, ווי צום קושן, אַ חנדל אַזאַ,

אויף זיין פּנים צעגיסט זיך אַ שמייכל ווי די זון. אין איין אָטעם רעדט ער אַרויס: — מיט איין בלאָז האָב איך אויסגעלאָשן אַלע פיר ליכטלעך צו מיין געבורטס־טאָג־שמחה.

— דו ביסט נאָך אַ „שרימפּ", לאַכט אים פּרעדי אויס. איך בין שוין געוואָרן פינף יאָר! און דו ביסט נאָך אַלץ פיר יאָר. חיים צעוויינט זיך אויפן קול און גרויסע טרערן, ווי די פּערל, קייקלען זיך אַראָפּ פון זיינע באַקן.

— וויין ניט חיים, בעט זיך ביי אים די לערערין.

— אַלע קינדער זיינען פריער איין יאָר, צוויי יאָר, דריי און פיר יאָר, ביז זיי וואַקסן אויס, און ווערן גרויסע שוועסטער און ברידער. ווענן שוועסטער און ברידער וועלן מיר מאָרגן דערציילן. איצט, לאָמיר נעמען ליים און זיך אויסזעצן אַרום טיש קלעפּן.

# די נייע שפּיל

ווען דער זיידע אברהם קומט אַריין אין שטוב, ווערט דוד אַ לעבעדיקער. ער ווייס, אַז מיטן זיידן קאָן ער זיך שפּילן וויפל זיין האַרץ גלוסט. כאַפּט דוד דעם זיידן פאַר אַ האַנט און ער לויפט מיט אים גלייך צו זיך אין צימער, וואו ס'איז דאָ אַ סך שפּילצייג. אין יעדן ווינקל פון צימער ליגן אָנגעוואָרפן, ווי נאָך אַ יאַריד: פערדלעך באַנען, שיפן מיט זעגלען, עראָפּלאַנען, ענטלעך געמאַכט פון גומע. אין מיטן דיל ליגט אַ בריק וואָס קליינוואַרג האָט ניט פאַרענדיקט ביים נעכטיקן שפּיל.

די קינדער פון גאַס ווייסן, אַז דוד האָט אַ סך שפּילצייג, קומען זיי אַלע טאָג צו דוד'ן זיך שפּילן. זיינע קאָזינס סוזי, עלקע און פרעדי קומען אויך און דער זיידע אברהם פאַר־שפּילט זיך מיט די קינדער ווי אַ יינגל.

היינט האָט זיך דוד אָנגערופן צום זיידן:

— זיידע, איך וויל מער ניט שפּילן די אַלטע שפּילע־רייען, לאָמיר שפּילן עפּעס אַ נייע זאַך.

דער זיידע האָט זיך שטאַרק דערשראָקן: „אפשר האָט מיין דוד'ל וואָרעמקייט? טאַפּט דער זיידע דוד'ס שטערן „וואָס הייסט ער וויל מיט די אַלע שיינע זאַכן מער ניט שפּילן?" און אַזוי טראַכטנדיק גייט אים אויף אַ ליכטיקייט אין קאָפּ. „דוד איז טאַקע גערעכט, טראַכט דער זיידע, „וויפל איז דער שיעור צו שפּילן זיך אין פערדלעך?"

און בליץ־שנעל קומט אים אַ געדאַנק: — דוד'ל, זאָלן נאָר די קינדער קומען, וועלן מיר שפּילן אַ נייע שפּיל.

אָט איז סוזי און עלקע, דערפֿרייט זיך דער זיידע מיט זיי, און וואו איז פֿרעדי ?

— פֿרעדי האָט ניט געוואָלט טרינקען זיין מילך, ענטפֿערן זיי ביידע אויף איין מאָל, האָט אים די מאַ גע־הייסן שטיין אין ווינקל אַ שעה צייט !

— קומט, זאָגט צו זיי דער זיידע, לאָמיר שטעלן דעם טיש און די בענקלעך אין מיטן צימער, ווען פֿרעדי און אַנדערע קינדער וועלן קומען, וועלן מיר זיך אויסזעצן אַרום־און־אַרום טיש און מיר וועלן אָנהויבן די נייע שפּיל.

פֿרעדי איז אַריין, דאָס פּנים זיינס אַ ביסל פֿאַרוויינט. אין דער שטיל האָט ער זיך געזעצט בים טיש און גע־וואַרט די שפּיל זאָל זיך אָנהייבן. מילי און ביבי זיינען געווען פֿאַרפּוצט, אין ווייסע קליידלעך און בלויע סטענ־געס אין די האָר. ווי אין קינדערגאָרטן זיינען זיי אַריין, האַלטנדיק זיך פֿאַר די הענט.

לעני האָט זיך אַריינגעטראָגן ווי אַ ווינט, זיין קאָפּ — אַ פֿעלד מיט זאַנגען, אַ שמייכל ווי די זון.

— האַ, מען שפּילט שוין ? ! שרייט אוים לעני, פּונקט ווי אָן אים טאָר זיך קיין זאַך ניט אָנהייבן.

— צום טיש ! צום טיש ! באַפֿעלט דער זיידע און קלייַנוואַרג טוט אַ רודער מיט די בענקלעך, מען זעצט זיך אוים. אויגן לויכטן — אַלעמענס בליקן געווענדט צום זיידן : וואָס פֿאַר אַ נייע שפּיל וועט דאָס זיין ?

דער זיידע לייגט אַרויף אויפֿן טיש שטיקלעך סחורה, וואָס דוד'ס מאַמע גיט אים אויף אָפּווישן דעם שטויב פֿון זיינע שפּילצייג און ער דערקלערט :

— קינדער, היינט שפּילן מיר שאַפּ. ווייסט איר וואו מען נעמט די קליידלעך און די מאַנטלען וואָס איר טראָגט ?

— יעעע ! יעעע ! שרייען זיי אַלע אין כאָר, די מאַמע קויפֿט זיי אין סטאָר.

— איידער קליידלעך קומען אין געשעפֿט, דערציילט זיי דער זיידע, נייט מען זיי פֿריער אין שאַפּ. ווען מיר היינט נייען קליידלעך.

— און יינגלשע קליידער? רופֿט אויס דוד, מיט זיינע גרויסע סאַמעטענע אויגן, דערשראָקן, „סוטס" ווערט מען ניט נייען.

— יאָ, סוטס וועלן מיר אויך נייען, באַרואיקט אים דער זיידע מיט אַ שמייכל. אין שאַפּ נייט מען אַלץ וואָס קינדער און טאַטעס און מאַמעס טראָגן.

— נו, צו דער אַרבעט, רופֿט אויס דער זיידע, לייגט אויס אייערע שטיקלעך סחורה אויפֿן טיש, אָט אַזוי, איצט שניידט מען צו. און ער שניידט מיט צוויי פֿינגער ווי מיט אַ שערל. קליינוואַרג באַוועגן פֿלינק מיט זייערע פֿינגער — ווילן איבעריאָגן איינע די אַנדערע. דוד ווערט אַזוי באַגייסטערט פֿון דער נייער שפּיל, אַז ער שטעלט זיך אַרויף אויף זיין בענקל און הויבט אָן שערן אין דער לופֿטן.

— דאָס איז ניט קיין שערל! לאַכט אים לעני אויס, דאָס איז גאָר אַ V.

— אַ V איז אויך גוט! נעמט זיך סוזי אָן פֿאַר איר קאָזין דוד, מיט אַ V-שערל ווערט דוד צושניידן אַ מונדיר פֿאַר גענעראַל אייזענהאַוער! אַלע קינדער, ווי איינער, גיבן אַ הייב די הענט אין דער הויך, און מען פֿאַרנעמט זיך צושניידן אַ מונדיר פֿאַר גענעראַל אייזענהאַוער.

— שוין צוגעשניטן? פֿרעגט דער זיידע, איצט ציט מען אַריין פֿאָדעם אין נאָדלען און מען נייט, און מען נייט, ביז אַ סך קליידער און „סוטס" ווערן פֿאַרטיק, דערנאָך צעשיקט מען זיי אין די געשעפֿטן, וואו טאַטע-מאַמע קויפֿן עס פֿאַר זייערע קינדער און פֿאַר זיך.

דער זיידע קרייזט אַרום טיש, לערנט די קינדער ווי מען דאַרף זיצן ביי דער אַרבעט:

— מען דאַרף אַ ביסעלע איינבויגן די אַקסלען ווען מען נייט. אָט אַזוי, זעסט לעני, מען נעמט די נאָדל צווישן די צוויי פֿינגער און עס נייט זיך.

אין סאַמע ברען פֿון דער אַרבעט, קומט אָן די באָבע שרה. זי בלייבט שטיין אויפֿן שוועל פֿון דוד'ס צימער, ווי איינגעראַמט אין אַ ראַם. דאָס בילד פֿון די קינדער מיטן זיידן אין שפּיל דערוואַרעמט אַזוי שטאַרק איר האַרץ, אַז זי פֿאַרמאַכט די אויגן און פֿון פֿרייד טוט זי זיך אַ ביסל אַ וואַקל.

— אָט איז די באָבע שרה! רופֿט אויס דער זיידע אברהם און די קינדער רופֿן זי צום שפּיל:

— "גרענדמאַ", קום, מיר נייען אַ סוט פֿאַר גענעראַל אײַזענהאַוער.

אַלע אינאיינעם נייען און נייען, ביז די באָבע רופֿט זיך אָן:

— איר ווייסט קינדער, נאָך דעם ווי מען אַרבעט אָפּ אַ לענגערע צייט, פֿייערט מען אַ יום־טוב.

— גוט! האָבן די קינדער און דער זיידע זיך אָנגע־כאַפּט, לאָמיר פֿייערן דעם יום־טוב פֿון אַרבעט.

מען האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן צו שטיקער צייטונג פּאַ־פּיר, געמאַכט מיצן און היטלען, אָנגעטאָן זיי יעדן איינעם אויפֿן קאָפּ. אויסגעשטעלט די קינדער צו צוויי אין דער ריי, דער זיידע און די באָבע די ערשטע. דוד און לעני זיינען די קאַפּיטאַנען און דער מאַרש הייבט זיך אָן. אי־בער אַלע צימערן מאַרשירט די פֿריילעכע חברה, באָבע און זיידע שפּאַנען פֿאָראויס און מען זינגט:

אויפֿגעגייט די קליידלעך, *)
אויפֿגענייט זיי גוט —
שפּאַנען יינגלעך, מיידלעך

---

*) צו זינגען מיטן ניגון פֿון „יאַנעק דער מחותן".

פֿריילעכע, מיט מוט!
טראַ־לאַ־לאַ, לאַ־לאַ,
טראַ־לאַ־לאַ, לאַ־לאַ,
שפּאַנען יינגלעך, מיידלעך
פֿריילעכע, מיט מוט!

אָפּגעאַרבעט יאָרן,
אָפּגעאַרבעט טעג —
דער וואָס אַרבעט יאָרן,
ליכטיק איז זיין וועג!
טראַ־לאַ־לאַ, לאַ־לאַ,
טראַ־לאַ־לאַ, לאַ־לאַ,
דער וואָס אַרבעט יאָרן,
ליכטיק איז זיין וועג!

# דאָס מיידל מיטן בלויען קליידל

אויף דער „איסט-סייד" איז דאָ אַ געביידע, פֿון וואַנען עס גיבן זיך אַ לאָז אַרויס אַ סך מיידלעך יעדן פֿרימאָרגן. מיט סאַמעטענע טריט גייען זיי און טראָגן קליינע, שוואַרצע רענצלעך אויף לאַנגע רימענע פּאַסן. מיט ווייסע קאָלנערס אַרום זייערע שטייף־געפּאַסטע, בלויע קליידלעך ווייזן זיי אויס אַזוי שיין, ווי אין אַ שפּיל. אויפֿן ראָג פֿון גאַס בלייבן זיי שטיין, שמייכלענדיק צעזעגענען זיי זיך „גוד ביי, גוד ביי", און יעדע איינע פֿאַרנעמט זיך אויפֿן וועג צו איר פּאָסטן.

איינע פֿון די בלויע מיידלעך איז אָנגעקומען אויף לואיס סטריט. זי איז אַריין אין דעם טונקעלן קאָרידאָר פֿון דעם הויז, קוים געפֿונען די טיר, אָנגעקלונגען, און אַ קליין יינגל האָט איר די טיר געעפֿנט.

— דער „סעטלמענט" האָט מיך געשיקט העלפֿן דיין מאַמען, — דערקלערט דאָס מיידל.

— יאָ, — ענטפֿערט דאָס יינגל — מיין מאַמע איז טאַקע קראַנק, — און ער פֿירט זי אין צימער וואו זיין מאַמע ליגט.

דאָס מיידל איז דורכגעגאַנגען עטלעכע צימערן, וואָס האָבן זיך געצויגן ווי אַ באַן, און זי איז אַריין אין דעם צימער, וואו עס איז געלעגן די קראַנקע מוטער, אויף אַ ברייט בעט, מיט צוויי הויכע ווענטלעך, צופֿוסנס און צוקאָפּנס איינס. פֿון אַ גאַז־רער האָט געפֿלעמלט אַ שפּיציק־פֿייער. דאָס פּיסקל וואָס האָט אַרויסגעשאָסן דאָס

ביסל געלע ליכט האָט אויסגעזען ווי אַן אויפֿגעשניטענער בלאָטער.

— מאַמע, די דאָקטערקע איז דאָ, — זאָגט אָן דוד, דער עלטסטער פֿון די דריי ברידערלעך.

דאָס בלויע מיידל האָט זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט: זי האָט גענומען ביי דער קראַנקער די טעמ־פּעראַטור, זי אַרומגעוואַשן מיט אַלקאָהאָל, איבערגעביטן אַ פֿריש העמד און פֿאַרקעמט איר די לאַנגע שוואַרצע האָר. אויפֿן שטערן ביי דער קראַנקער האָבן זיך צע־שאָטן אַ פּאָר גרויזן ווי גלעקלעך. די קראַנקע האָט אַ שמייכל געטאָן, איז פֿריילעכער געוואָרן.

אָפּגעטאָן איר אַרבעט, האָט דאָס מיידל זיך גענומען קלייבן אַוועקצוגיין. פּלוצים איז געוואָרן זייער פֿינצטער, ווי די נאַכט וואָלט זיך אַראָפּגעלאָזן. ס'האָט אָנגעהויבן שטאַרק דונערן און בליצן, אַז די ווענט האָבן געציטערט.

— גיי נישט איצט, — בעט זיך די קראַנקע ביים מיידל.

— גיי בעסער אַריין אין עס־צימער, וואו מיינע קינ־דער שפּילן זיך. זיי צעטראָגן דאָרטן די שטוב. אפֿשר וועלן זיי דיך פֿאָלגן, — זיפֿצט די קראַנקע. — רייד צו זיי און דיין מויל וועט אויפֿטאָן וואונדער, אַזעלכע וואונדער ווי דו האָסט נאָר־וואָס אויפֿגעטאָן מיט דיינע הענט.

— אָ, זאָרג נישט מוטער, — פּרובירט דאָס מיידל טרייסטן דער קראַנקער.

— זיי זיינען זייער ליבע קינדער; זיי זיינען בלויז שטיפֿער! דו ווער נאָר געזונט, וועסטו אָנקוועלן קוקנ־דיק אויף זיי.

דאָס מיידל איז אַריין צו די קינדער אין צימער און האָט זיי געטראָפֿן שטיין שווייגנדיקע. פֿון שרעק פֿאַר די דו־נערן און בליצן האָבן זיי מורא געהאַט זיך צו רירן פֿון

אָרט. דער בלאָנדער, אהרן לייזער, איז געשטאַנען אין מיטן צימער ווי פֿאַרגליווערט.

— וואָס איז געשען, בלאָנדער ייִנגל? — פֿרעגט אים דאָס מיידל אין אַ מוטערלעכן טאָן. דאָס ייִנגל האָט ברייט צעעפֿנט זיינע בלויע אויגן און ער האָט איר דערקלערט:

— גאָט האָט זיך צעקריגט מיט זיין ווייב, האָט ער אָנגעהויבן וואַרפֿן די שטולן און דעם טיש!

אַלע האָבן זיך שטאַרק צעלאַכט און מען האָט פֿאַרגעסן אָן די גרויסע דונערן און בליצן.

דאָס מיידל האָט מיט די קינדער פֿאַרפֿירט אַ שמועס:
— ווער איז די שיינע פֿרוי אויפֿן בילד? — האָט זי געפֿרעגט.

— מיין מאַמע, — רופֿט זיך אָן בערל, דער קלענסטער פֿון די דריי ייִנגלעך.

— אָ, יע? — רייצט זיך מיט אים דוד — זי איז מיין מאַמע! — בערל ווערט אַזוי שטאַרק דערשראָקן וואָס דוד נעמט צו ביי אים די מאַמע, אַז ער צעוויינט זיך הויך אויף אַ קול.

— וויין נישט קינד, — גלעט דאָס בלויע מיידל בערלען איבער זיינע סאַמעטענע האָר, — די שיינע מאַמע איז אַלעמענס, דיינע אויך!

דוד בלייבט שטיין, מיט אָנגעבלאָזענע באַקן קוקט ער אויפֿן מיידל ברוגזלעך.

— וועמעס בילד איז דאָס? — פֿרעגט דאָס מיידל, אָנווייזנדיק אויף אַ פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון טאַמאַס עדיסאָן.

— דאָס איז מיין בילד! — רופֿט אויס אהרן לייזער מיט שטאָלץ — דאָס האָט מיר מיין לערערין געגעבן פֿאַר גוטער אויפֿפֿירונג אין קלאַס.

— זייער פֿיין, — שמייכלט דאָס בלויע מיידל — ווייסטו דעם נאָמען פֿון דעם מאַן אויפֿן בילד?

— טאָמאַס עדיסאָן, — רופֿן אוים דוד, אהרן לייזער, אַפֿילו בערל ווייס אויך ווי מען רופֿט דעם מאַן אויפֿן בילד.

— וואָס האָט דער מאַן אויפֿגעטאָן? — פֿרייט זיך דאָס מיידל מיט דער ליבער חברה.

— ער האָט דערפֿונדן עלעקטריק, — זינגט אוים אהרן לייזער מיט זיין ליבן קול.

— אין דיין שטוב איז דאָך נישטאָ קיין עלעקטריק, איז צוליב וואָס דאַרפֿסטו האָבן עדיסאָנס בילד?

— דערווייל איז טאָמאַס עדיסאָן אַליין דאָס ליכט אויף מיין וואַנט! און שפּעטער, — ענטפֿערט אהרן לייזער, טייטלענדיק מיט אַ פֿינגער אין דער הויך, ווי זיין לערערין טוט, ווען זי דאַרף עפּעס דערקלערן די קינדער אין קלאַס, — און שפּעטער — — —

— זייער פֿיין! — רופֿט אוים דאָס מיידל. זי גיט די יינגלעך צו שטיקלעך שאָקאָלאַד און הויבט זיך אָן געזעגענען מיט זיי:

— נו, קינדער, ס'האָט אויפֿגעהערט רעגענען, דאַרף איך גיין זען נאָך קראַנקע. מאָרגן וועל איך ווידער קומען. שפּילט זיך שיין און פֿאָלגט דער מאַמען. אַ גוטן טאָג.

— אַ גוטן טאָג, — באַגלייטן זיי דאָס מיידל ביז צו דער טיר, און זי ווערט פֿאַרשוואונדן אינם טונקעלן קאָרידאָר.

# טאָמיס פרייד

ווען טאָמי איז געווען נאָך גאָר אַ קליינער, איז זיין טאַטע אַוועק פון דער היים און צוריק ניט געקומען. האָט זיין מאַמע אָנגעהויבן אַרבעטן. זי פלעגט טאָן הויז־אַרבעט, פוצן מעבל און פענצטער, וואַשן וועש און רייניקן דילן.

אַז טאָמיס מאַמע פלעגט זיך פאַרדינגען אַרבעטן, פלעגט זי זאָגן צו דער באַלעבאָסטע:

— איך האָב אַ קינד צוויי יאָר אַלט, טאָמי איז זיין נאָמען, און אַז איך גיי אַרבעטן, מוז איך מיטנעמען מיין קינד.

פלעגט מען זען יעדן אינדערפרי, אויסער שבת און זונטיק, אַ יונגע מוטער אַרויסגיין פון אַן אַלטער געביידע אין האַרלעם טראָגנדיק אַ קליין יינגל אויף די הענט. ווען דער וועטער איז געווען שיין, פלעגט טאָמי דיבען מיט זיינע קינדערשע פיס, נאָכיאָגן דער מאַמען, וואָס פלעגט זיך איילן צו דער אונטערבאַן.

איידער די מאַמע פלעגט זיך נעמען צו דער אַרבעט, פלעגט זי געבן טאָמין אַ שמאַטע און צו אים זאָגן:

— טאָמי, אָט האָסטו אַ שמאַטע און דו וועסט העלפן דיין מעמי אַרבעטן. מירן פאַרדינען געלט, וועט דיר דיין מעמי קויפן אַ גרויס שטיק קאַווענע!

— יע, מיין טייער קירבעסל?

טאָמי פלעגט זיך אַ ביסל שעמען פאַר די פרעמדע מענטשן. דערנאָך פלעגט ער נעמען די שמאַטע און זיך

איבערבייגן, ווי אַ בערעלע קריכן אויף אַלע פיר און וואַשן דעם דיל, די שטולן. ביי טאָמין פלעגט עס זיין ווי אין אַ שפיל:

— דאָ וועט זיך גליטשן עלאַ, — פלעגט ער זאָגן, ווען ער פלעגט איינגעצן אַ פּאָר ברעטער און ס'פלעגט אים אויסווייזן ווי אויף אַ גליטש.

טאָמי פלעגט זיך שפּילן „העלפנדיק" זיין מאַמען, ביז ער פלעגט מיד ווערן און די מאַמע פלעגט אים אַוועק־לייגן אויף אַ דיוואַן, וואו ער פלעגט געשמאַק איינשלאָפן.

ווען טאָמי איז אַלט געוואָרן זעקס יאָר און באַדאַרפט אָנהייבן גיין אין סקול, האָט די מאַמע זיינע געביטן איר סאָרט אַרבעט. זי איז געוואָרן דזשעניטאָרן (הויז־אויפ־פּאַסערין).

איצט, אַז טאָמי איז שוין אַ „גרויסער" און ער גייט אין סקול, העלפט ער זיין מאַמען אויף אַן אמתן, ניט ווי אין אַ שפּיל. ער העלפט איר וואַשן דעם דיל אין קאָרי־דאָר, ער פּוצט אַזוי שיין אָפּ די מעשענע גאַלקעס פון טיר, אַז מען קאָן זיך אין זיי שפּיגלען.

טאָמיס מאַמע דערציילט אים, אַז אין אַלאַבאַמאַ הייבן קינדער אָן אַרבעטן ווען זיי זיינען נאָך גאָר קליין. און טאָמי איז דאָך שוין אַ סקול יינגל, און ער האָט ליב זיין מאַמע, פּוצט ער און וואַשט דעם דיל מיט מער חשק.

קיין געלט צו קויפן טאָמין שפּילצייג האָט די מאַמע ניט. און דאָס וואָס די שכנישע קינדער וואַרפן אַריין אין מיסטקאַסטן איז ניט פאַר אים. זיי וואַרפן אַרויס אַלטע ליאַלקעס און טעדיבערס. טאָמין ווילט זיך גאָר אַן עראָפּלאַן, אָדער אַ בייסיקל.

וועגן די בייסיקלס וואָס טאָמי זעט אין קעלער, וואו די שכנישע קינדער שטעלן זיי אַוועק, — וועגן דעם גלאַנץ אויף זייערע רעדער חלומט טאָמי דורך די נעכט.

היינט מיטאָגצייט, איז טאָמי געקומען אַהיים אַ פאַר־פלאַמטער.

— מעמי! די לערערין האָט געזאָגט, אַז ס׳האָט זיך געעפֿנט אַ ליי־ביבליאָטעק, וואו קינדער קאָנען לייען שפּילצייג אַזוי ווי מען לייט ביכער.

— מעמי! טו מיר אָן אַ שיין העמדל, נאָך סקול נעמט אונדז די לערערין אַהין. דער גאַנצער קלאַס וועט גיין אַהין און איך קאָן מיר אויסקלייבן, וואָס איך וויל, זאָגט די לערערין.

— הוראַ! הוראַ! — שפּרינגט טאָמי אַ פֿרייליכער.

נאָך מיטאָג, האָט טאָמי ניט געקאָנט איינזיצן אין סקול, ער האָט זיך געהאַלטן אין איין הייבן פֿון אָרט. טאָמי האָט מורא געהאַט, ער זאָל ניט צוגעוואָקסן ווערן צו דעם שטול.

— טאָמי — רופֿט אים די לערערין אַרויס, פֿאַרוואָס קאָנסטו ניט איינזיצן אויף איין אָרט?

— איך, איך, מיס גאָלד, מיר דוכט, אַז דער זייגער גייט פּאַמעלעך!

די קינדער אין קלאַס האָבן זיך צעלאַכט.

מיט אַ שמייכל האָט די לערערין איינגעשטילט די קינדער.

— איך פֿאַרשטייט, קינדער, טאָמי וויל שוין זיין אין דער ליי־ביבליאָטעק, דערפֿאַר האָט זיך אים דער זייגער אָפּגעשטעלט.

— ניין, מיס גאָלד, — פֿאַרענטפֿערט זיך טאָמי — כ׳האָב געמיינט, אַז דער זייגער גייט פּאַמעלעך.

די לערערין טוט אַ קוק אויף איר האַנט־זייגערל און זאָגט, אַז אין אַ האַלבער שעה אַרום וועט דער גאַנצער קלאַס מאַרשירן צו דער ליי־ביבליאָטעק.

— הערט זיך טאַקע צו, קינדער, — זאָגט די לערערין זיי אָן: — מיר וועלן מאַרשירן צו צוויי אין אַ ריי. אין ביבליאָטעק וועלן מיר אַריינגיין אין דער בעסטער אָרדע־

נונג און דאָרט טאָרן מיר ניט כאַפּן קיין שפּילצייג, מיר דאַרפֿן וואַרטן אויף אונדזער ריי.

דאָס גלעקל האָט אַלע קינדער ווי איינעם געטאָן אַ הייב אויף פֿון די פּלעצער, מען האָט זיך אויסגעשטעלט אין דער ריי און געוואַרט — מיס גאָלד זאָל אויסרופֿן דאָס וואונדער־וואָרט: „מאַרש".

ווי אַ תּפֿילה אַזוי האָבן די קינדער אָפּגעהיט דעם אָנזאָג, אַז מען דאַרף מאַרשירן אין דער בעסטער אָרדע־נונג. שטיל און געלאַסן איז דער קלאַס אַריינגעגאַנגען אין ביבליאָטעק.

די צימערן זיינען פֿול מיט שפּילצייג, אָבער טאָמי זעט נאָר קאָשעקלעך, וועגעלעך מיט ליאַלקעס און טעדי־בערס. „דאָס זיינען שפּילצייג פֿאַר מיידלעך", טראַכט זיך טאָמי און ער ווערט שטאַרק אומרואיק.

אין צווייטן צימער האָט טאָמי דערזען עראָפּלאַנען און זיין האַרץ האָט אים אַזוי אָנגעהויבן קלאַפּן, אַז ס'איז אים ענג געוואָרן אין האַלדז. פֿלינק ווי אַ האָז, האָט טאָמי אַ שפּרונג געטאָן, ווען ער איז געווען אַ פּאָר טריט פֿון די עראָפּלאַנען.

טאָמי האָט אויסגעקליבן דעם גרעסטן עראָפּלאַן און אים אַרומגעטאַפּט און געגלעט ווי מען גלעט אַ פֿויגל. טאָמי האָט מורא געהאַט ער זאָל ניט אויסשרייען זיין גרויסע פֿרייד.

די אויפֿזעערין פֿון ביבליאָטעק איז אומגעגאַנגען צווישן די קינדער און זיי געהאָלפֿן דערלאַנגען פֿון די פּאָליצעס שפּילצייג וואָס זיי האָבן אויסגעקליבן.

מילי און עטל האָבן גענומען פֿאַר זיך זייער שיינע ליאַלקעס. מילי האָט זיך אַזוי שטאַרק דערפֿרייט מיט איר ליאַלקע, אַז זי האָט זי געקושט אויף די ראָזעווע באַקן.

באַב, אַ לאַנגער, דאַרער יינגל, האָט אויסגעקליבן טעלערלעך און טעפּעלעך.

— דו ביסט אַ „סיסי", האָבן די ייִנגלעך אים אויס־געלאַכט, דאָס זײַנען שפּילצײַג פֿאַר מיידלעך, ניט פֿאַר „לאָנג" באָב!

באָב האָט זיך פֿאַרשעמט און דאָס שאַכטל איז אים אַרויסגעפֿאַלן פֿון די הענט. מיט טרערן אין די אויגן האָט באָב געקליבן די שערבעלעך פֿון דיל און געזאָגט, אַז די טעלערלעך האָט ער גאַר גענומען פֿאַר זײַן שוועס־טער טאָבי, זי ליגט אין בעט קראַנק.

די לערערין האָט דערהערט דעם טומל און איז גלײַך צוגעקומען.

— וואָס איז דאָ געשען?

זי האָט באַרואיקט באָבן און אים געזאָגט, אַז מען וועט געבן אַנדערע שפּילצײַג פֿאַר זײַן שוועסטער און ער קאָן אויך נעמען עפּעס פֿאַר זיך.

ווען די ביבליאָטעקאַרין איז אַרײַן אין צווייטן צי־מער און דערזען טאָמין האַלטן דעם עראָפּלאַן פֿאַר ביידע פֿליגל אין דער הויך און אַרײַנקוקן אים אין שנאָבל אַרײַן, ווי ער וואָלט גערעדט צום עראָפּלאַן — געשיקט גרוסן צו די בערג, צום הימל, האָט זי אים געפֿרעגט:

— זאָג מיר מײַן ליבער ייִנגל, וואוהין וועסטו פֿליען אין דײַן גרויסן עראָפּלאַן?

— ווער — איך?

וואַכט טאָמי אויף ווי פֿון אַ חלום.

— איך וועל פֿליען אין אַלאַבאַמאַ און ברענגען אַלע קינדער אַהער, דו זאָלסט זיי געבן שפּילצײַג, מעם.

# בעז דער אַרויסהעלפער

נאָך גאָר אין זיין פריער יוגנט האָט בעז, אַ דאַר פלינק יינגל, אָנגעהויבן אַרויסהעלפן דעם טאַטן זיינעם אַלס „דזשעניטאָר". דער טאַטע שטייט אויף זייער פרי, גייט אַריין אין קעלער. צום ערשטן באַזאָרגט ער דאָס הויז מיט „סטים". ער שאַרט אַרויס דאָס אַש פון גרויסן אויוון און דערשיט קוילן, רעגולירט די רערן, וואָס ציען אַרויף היים וואַסער ביזן העכסטן שטאָק. פאַרטיק מיטן קעלער, גייט דער טאַטע אַריין אין שטוב, וואו עס איז שטאַרק פינצטער, געווינלעך וואוינען הויז־אויפזעער אין קעלער־שטובן. ער צעוואַשט די הענט, גיסט אָן אַן עמער וואַרעם וואַסער מיט זייף, נעמט אַ באַרשט, אַ פאַר שמאַטעס און גייט וואַשן דעם קאָרידאָר און די טרעפ פון הויז.

אַ וועקזייגער צעקלינגט זיך און רייסט איבער בעניך פון זיין טיפן שלאָף. בעניך דוכט זיך אַז שרויפן האָבן זיך צעקריגט און רעדן אויף אַ מעטאַלענער שפּראַך. אָט, ווי יינגלעך וואָלטן זיך צעקריגט צוליב „טשעקערס" אָדער „מאַרבלס".

איידער בעז לייגט זיך שלאָפן שטעלט ער אָן דעם זייגער ער זאָל קלינגען פונקט זעקס אינדערפרי, אַזוי, אַז ער זאָל קענען העלפן דעם טאַטן אַ צוויי שעה איידער ער גייט אין שול.

שלעפעדיקערהייט רייבט ער זיך די אויגן מיטביידע הענט, ציט זיך לענג־אויס אין בעט, ווי ער וואָלט געלעגן אויפן דיל אין גימנאַסטיקע צימער און נאָכגעפאָלגט דעם לערער׳ס אינסטרוקציעס אין פיזישע איבונגען. ער ציט

די הענט אין דער לופֿט, דערפֿילט זיך גרינג און גיט אַ שפּרינג אַרויס פֿון בעט. ער טוט אַ מיש די קליידער זיינע, נישט ווייסנדיק וואָס אַרויפֿצוציען אויף זיך פֿריער.

שנעל טוט ער זיך אָן און איילט אַרויס פֿון שטוב. פֿליט דורך די שלענגלדיקע טרעפּ אַרויף צום פֿירהויז, וואו דער טאַטע וואַשט די טרעפּ פֿון לעצטן שטאָק. אָבער עס איז נאָך פֿאַרבליבן גענוג אַרבעט פֿאַר בעני׳ן. מען דאַרף איבערווישן אַלע טרעפּ, פּוצן די שלעסער און די מעשענע גאַלקעס ביים הויפּט־אַריינגאַנג, איבערווישן מיט אַ ריינער שמאַטע די ווייסע ציפֿערן אויף די טרעטערס — דעם נומער פֿון הויז, און מען דאַרף זיי אויסלייגן ריכטיק — מיט די ציפֿערן אין דער געהעריקער זייט: פּונקט ווי אין אַריפֿמעטיק טאָר מען נישט מאַכן קיין טעות. דערווייל, דערמאָנט זיך בען אָן שול, טוט ער זיך אַ יאָג אַראָפּ דורך די שלענגלדיקע טרעפּ אין שטוב אַריין.

די מאַמע גיט עסן די קלענערע צוויי ברידערלעך: לואי, דעניעל און דער שוועסטערל פּערל. די קינדער ווערן פֿאַרטיק מיטן עסן, העלפֿט זיי די מאַמע אָנטאָן די מאַנטלען, פֿאַרשפּיליעט זיי, פּערלען גיט זי אַ גלעט דעם אויסגעבונדענעם שלייף אויפֿן גאָלדענעם קאָפּ. זי באַגלייט אירע קינדערלעך צום טיר, צעקושט זיך מיט יעדן און זאָגט זיי אָן צו היטן זיך ביים אַריבערגיין די גאַס.

צוריק אין קיך, נעמט די מאַמע העלפֿן בעני׳ן מיט זיין אָנבייסן. שמירט אָן פּוטער אויפֿן ברויט, און בעט זיך ביים יינגל ער זאָל ניט שלינגען די שפּייז נישט צעקייענדיקערהייט. „ס׳איז ניט געזונט״, זאָגט די מאַמע, „עסן אין איילעניש״.

בען טוט אַ בלעטער די העפֿטן, לייגט זיי אַריין צווישן די ביכער, ציט איבער שטייף מיט אַ רימען און היידאַ אין שול.

איינמאָל איז בען געקומען פֿון שול אַן אומעטיקער: דער לערער האָט דערציילט אַז מען האָט געוואָלט דורכ־

פירן אַ געזעץ קעגן קינדער־אַרבעט, נאָר עס איז דורכגע־פאַלן אין אַלבאַני. בען האָט ניט ליב אַזוינע מעשות. ער האָט ליב לייענען מעשות פון רייכע מענטשן, — פון יינג־לעך וואָס טראָגן פאַנאַנדער צייטונגען איבער די גאַסן און אַרבעטן אַזוי פלייסיק ביז זיי ווערן מיליאָנערן. „סעלף מעיד מען" רופט מען זיי אין די מעשה־בעכלעך. בען וויל אויך זיין אַ „סעלף מעיד מען".

עס האָט זיך געעפנט די טיר און בען'ס טאַטע איז אַריין אין שטוב. אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן גע־צייג: אַ קליין זעגל, אַ האַמער און צווענגלעך. אויף דער צווייטער האַנט זיינען געווען אַרומגעדרייט שטריקלעך און דינע קייטן פון קופער־קאָליר. פון די טיפע קעשענעס אין די אַרבעט־קליידער האָט אַרויסגעשטעקט אַ „יאַרד" און אַ ווירע. ער האָט געהייסן בען'ען נעמען דאָס קעסטל מיט די שרייפלעך און טשוועקעס און גיין אים העלפן.

מיטן קעסטל און אַ טייל געצייג וואָס בען נעמט אַרויס פון טאַטנס האַנט, גייען זיי אין שכנ'ישע הייזער פרעגן, וואו מען דאַרף פאַרריכטן אַ וואַסער־רער, וואו מען דאַרף פאַרשטייפן אַ שרויף ביי אַ דאַמף־רער, אָדער אַריינציען אַ קייטל אין אַ פענצטער וואָס קאָן זיך נישט עפענען. אַזוי כסדר, גייט בען מיטן טאַטן צו די שכנים פאַרריכטן וואו עס איז עפעס קאַליע געוואָרן.

אין קיין וואוינונג זעט ניט בען אַזוינע רערן אונ־טערן סופיט ווי ביי זיי. רערן וואָס גיסן זיך אָפּ מיט טראָפּנס שוויס פון דער פאַרע, אָדער, פייכטקייט וואָס איז געוויינלעך אין די קעלער־שטיבער. בען וואָלט זייער וועלן אַז זיי זאָלן וואוינען אין אַ הויז אָן רערן אונטערן סופיט. די מאַמע זאָל ניט וואַשן אַזוי פיל וועש און פאַר־הילט ווערן אין פאַרע. תמיד זעט ער זי ביים וואַש־טאָפּ. און זיין טאַטע, ווען ער אַרבעט שווער, ווייזן זיך אַזוינע גרויסע טראָפּנס שוויס אויף זיין שטערן — פונקט ווי די טראָפּנס אויף די רערן אונטערן סופיט.

פאַרנאַכט־צו גייט בען אַרויס אין גאַס, טוט אַ ביסל אַ שטיף, שפילט באַל מיט די שכנ'ישע יינגלעך. באַלד

אָבער רופֿט אים אַ ברודערל זײַנער, — דער טאַטע זאָגט מען דאַרף נעמען „גאַרבעדזש". בען, פֿול מיט שפּיל אין זײַנע גלידער, שפּרינגט אונטער, לויפֿנדיק צום קעלער־צו וואו מען דאַרף ווידער העלפֿן דעם טאַטן. דאָס איז שוין די לעצטע אַרבעט פֿון טאָג.

מיטן מיסט וואָס מען ציט אַרונטער פֿון די שכנים דורך די „דאַמוועיטערס" — שיקן זײ אויך אַרונטער פּעק מיט צײַטונגען. אַלע — די ברידערלעך און די שוועס־טערל פּערל, ראַיען זיך ווי די בינען, אין די פּעק צײַטונגען און אַנדערע קלײניקײטן וואָס די שכנים שיקן אַרונטער מיטן מיסט.

בען פֿלאַטערט אַרום די צײַטונגען און זאָגט צום פֿאָ־טער : „פּאַ, אָט־די אַלע צײַטונגען האָבן אָרעמע ייִנגלעך פֿאַרקויפֿט ביז זײ זײַנען געוואָרן מיליאָנערן ? „דזשי, פּאַ ! ביז איך וועל ווערן אַ מיליאָנער, וויל איך דערווײַל אויס־לײענען די ,דזשאָוקס' אין אָט־די אַלע צײַטונגען".

דער טאַטע דערשלינגט אַ זיפֿץ. שמײכלענדיק זאָגט ער אַז מען דאַרף פֿאַרטיק ווערן מיטן מיסט און אַרײַן אין שטוב. — „עס איז שוין צײַט, מײַן זון, זיך אָפּרוען".

די מאַמע עפֿנט די טיר, זעט אַז איר גאַנץ געזינדל פּאָרעט זיך נאָך, נעמט זי אַ בעזים, קומט אַרויס העלפֿן ענדיקן דעם מיסט איבערקלײַבן, קערט אויס און הייסט אַלעמען גײן אין שטוב, זיך אַרומוואַשן און גײן עסן וועט־שערע. דער טיש איז געגרייט.

נאָכן עסן, נעמען זיך די קינדער מאַכן זייער היים־אַרבעט. ביכער, העפֿטן, ווירעס, טינט־און־פֿעדער צע־לייגט איבערן טיש. יעדער אײנער שווימט אַוועק אין אַן אַנדער וועלט : — געאָגראַפֿיע, געשיכטע אָדער פֿאַנטאַס־טישע מעשות. אויב עס פֿאַלט וועמען שווער מיט אַ וואָרט אויסלייגן אָדער אַ רעכענונג שטימט נישט, העלפֿט זײ בען אַרויס.

בען האָט ניט קיין שוועריקייט מיט זײַן היים־אַרבעט אָדער בכלל מיטן לערנען. ער איז תמיד צווישן די ייִנגלעך

וואָס קריגן גוטע צייכנס פֿאַר זייער שול־אַרבעט. ער האָט זייער ליב לייענען מעשׂות וועגן מענטשן וואָס רייזן אַ סך און זעען די וועלט; וועגן לופֿט־פֿליִער און וועגן דעם לעבן אין די קעמפּס וואו מענטשן פֿאַרברענגען דורך די זומערן אויף דער פֿרייער נאַטור. ער וואַנדערט אַוועק מיט די מענטשן אין דער גרויסער וועלט.

ווי דער פֿויגל וואָס הויבט אָן רופֿן די פֿויגל־קינדער אין נעסט אַריין פֿאַרנאַכט, אַזוי הויבט בען׳ס מאַמע אָן דערמאָנען די קינדער: „צייט גיין שלאָפֿן קינדער, עס איז שוין באַלד ניין דער זייגער״. זי בעט אויס זייערע בעטן און לייגט אַ נאַכט־קלייד אויף יעדנס געלעגער. די בעטן מיט די אויפֿגעשלאָגענע קישנס און ווייסע צודעקן זעען אויס ווי גרויסע שוואַנען, וואָס האָבן צעעפֿנט זייערע פֿליגל, וועלן איינהילן אירע קינדערלעך און מיט זיי שוווי־מען, שווימען ביז אין שלאָף־לאַנד אַריין.

אַרומגעוואַשן, צערייניקט די ציין, גליטשט זיך בען דער ערשטער אונטערן צודעק אין בעט אַריין. מיט אַ ביכל אין האַנט, בלעטערט ער ביז די מאַמע דעקט איין די קלע־נערע קינדער, קושט זיי: „גוטע חלומות אייך קינדער־לעך״. זי לעשט אויס דאָס ליכט און גיט זיי איבער אין האַרץ פֿון דער נאַכט.

נאָך אַ גאַנצן טאָג אַרבעט, טוליעט זיך בען אין זיין צודעק. אָט ווי דאָס וויקלען זיך וואָלט געהאָלפֿן די מיד־קייט אַרויס פֿון זיינע גלידער. אַ דערוואַרעמטער שלאָפֿט ער איין, און ווערט איבערגעטראָגן אין אַ ליכטיקער וועלט פֿול מיט פֿרייד. אין חלום זעט ער ווי די רערן אונטערן סופֿיט ווערן־אָן זייער שטייפֿקייט, שווימען ביז אונטערן הימל און לייגן אויס אותיות. ווי אין אַ רעקלאַמע שרייבן זיי שורות, גאַנצע מעשׂות הויבן זיי אָן אויסלייגן. און ער לייענט: „עס וועט זיין אַ צייט, אַז קינדער וועלן ניט אַרבעטן אין פֿאַבריקן. „דזשעניטאָרס״ און אַנדערע טאַ־טעס וועלן אויך ניט אַרבעטן שווער.

אַזוי לייענענדיק זעט ער ווי אותיות ווערן גרעסער,

גרעסער און ציִען זיך אויס אין פּאַסן סאַמעטענע סטענגעס. ער נעמט די סטענגעס און פֿלעכט זיי איין אין זיין שוועס־טערלס גאָלדענע צעפּ. שווימען זיך אַזוי ווערטער אין שורות און וועבן ווייסן, ברייטן פּליוש. אָט זעט ער אַ ווייס קלייד אַ פּליושנס אויף זיין מאַמען באַפּוצט מיט גאָל־דענע פֿרענדזן געהאָפֿטן פֿון דער זון, מיט ווייסע הענט און בלייכן פּנים שטייט זיין מאַמע אַ רואיקע, און ער זעט — די טראָפּנס פֿון די רערן אונטערן סופֿיט און דער שוויס פֿון זיין טאַטנס שטערן שנירלען זיך אויס אין אַ דימענ־טענער קרוין, און מען טוט עס אָן זיין מאַמען אויפֿן קאָפּ. די זון לאַכט אַריין אין דער קרוין און די קרוין צעבליצט זיך איבער דער גאָרער וועלט. און ער זעט ווי זיין מאַמע שמייכלט, שמייכלט: — „אַלע מאַמעס וועט זיין גוט, זייערע קינדער וועלן מער ניט דאַרפֿן אַרבעטן ביז זיי וועלן אויסוואַקסן געזונטע און מוטיקע מענטשן“.

די שרויפֿן פֿון וועק־זייגער האָבן זיך ווידער צעקריגט און איבערגעריסן בענ׳ס חלום וועגן אַ שיינער וועלט.

# אברהמ׳ל מאָלער

## א

אברהמ׳ל איז אין קינדערגאָרטן ניט געגאַנגען. די מאַ־
מע זיינע פּלעגט מיט אים שפּילן קינדערגאָרטן אין דער
היים. זיי פּלעגן שפּילן אין באַהעלטעניש און זיי פּלעגן
טאַנצן, אַז מען איז געוואָרן מיד פּלעגט מען זיך אַראָפּ־
לאָזן אויפן דיל און דערציילן מעשות:

אין האַרבסט,—דערציילט די מאַמע אברהמ׳לען,—
פּליקן ווינטן אַראָפּ די בלעטער פון די ביימער און אַלע
פּאַרקן און אַלע וועלדער בלייבן נאַקעט. און ווען ס׳ווערט
גוט קאַלט פליען די פייגל אַוועק אין וואַרעמע לענדער.

— מאַ, — פרעגט אַברהמל פאַרוואונדערט, — מאַ,
פאַרוואָס פליען פייגל און דו פליסט ניט?

— ווייל פייגל האָבן פליגל, קענען זיי פליען, פאַר־
שטייסט מיין קרוין, מיין האַרץ?

— מאַ, וואָס איז אַ האַרץ? — לאָזט אַברהמ׳ל ניט
אָפּ מיט זיינע פראַגעס.

— אַ האַרץ, — פאַרטראַכט זיך די מאַמע ווי צו דער־
קלערן אברהמלען וואָס אַזוינס איז אַ האַרץ.

— אַ האַרץ מיין קינד, אָ, לאָמיר גאָר נעמען קרעיאָן
און פּאַפּיר און איך וועל אויסמאָלן אַ האַרץ און דו וועסט
זען וואָס אַ האַרץ איז. — ליגט מען זיך ביידע אויפן דיל,
מיט די פנימער אַראָפּ, די מאַמע צייכנט מיט רויטן קרע־

יאָן און אברהמל „שלינגט" מיט די אויגן דאָס רויטע האַרץ וואָס ציטערט אַרויס פֿון דער מאַמעס פֿינגער.

— מאַ, וואָס טוט מען מיטן האַרץ? — פֿרעגט אברהמל, און די שפּיל געפֿעלט אים זייער שטאַרק.

— מיטן האַרץ האָט די מאַמע ליב אברהמ'לען און אברהמל האָט ליב די מאַמע.

— און דעם פּאַ האָט מען ניט ליב? — פֿרעגט אברהמל מיט ברייט צעעפֿנטע אויגן פֿון שרעק.

— דעם פּאַ האָבן מיר זייער ליב, — באַרואיקט אים די מאַמע מיט אַ קוש אויף זיין שטערן.

אָט אַזוי שפּילט זיך אַברהמל אין קינדערגאָרטן. די מאַמע דערציילט מעשות, זי צייכנט בלומען און ביימער. אברהמל נעמט קרעיאָן און ער צייכנט אויך אויף פּאַפּיר זייער שיין. נאָר אברהמל האָט ליב צו מאָלן פֿנימער פֿון מענטשן און חיות. היינט האָט אַברהמל אויסגעמאָלן אַ הונט, נאָר אָן אויערן!

ווען אברהמל גייט אין גאַס אָדער אין פּאַרק מיט זיין מאַמען, נעמט ער מיט דאָס קעסטעלע מיט קרעיאָן און פּאַפּירן. אברהמל צעעפֿנט דאָס קעסטעלע, ער לייגט אויס די פּאַפּירן אויף אַ באַנק, אָדער אויף אַ גרויסן פֿעלדז און ער הייבט אָן מאָלן.

איינמאָל איז אָנגעקומען אַ גרויסער ווינט און צע־טראָגן אין דער לופֿטן אברהמלס אַלע פּאַפּירן. ער איז געלאָפֿן נאָך די פּאַפּירן, די קינדער אין פּאַרק האָבן גע־האָלפֿן, נאָר קיינער האָט ניט געקאָנט כאַפּן אַפֿילו איין בויגן פּאַפּיר פֿונם פֿרעכן ווינט! אָבער אברהמל האָט ניט געוויינט. ער האָט זיך איבערגעבויגן און אויפֿן אַספֿאַלט גענומען מאָלן. און עס איז אַרויסגעקומען אַ בילד פֿון דעם פּאַרק־מאַן, ווי ער גייט איבער די לאָנקעס מיט אַ ברייט צעעפֿנטן זאַק און ער שטעכט אָן אויף אַ פּיקע

שטיקלעך פּאַפּיר, וואָס מענטשן צעוואַרפֿן איבער די שיי־
נע לאָנקעס און ער פּאַקט זיי אינם אָפּפֿאַלעם זאַק אַריין.

ווען די קינדער האָבן דערזען דעם פּאַרק־מאַן אויפֿן
אַספֿאַלט, ווי אברהמ׳ל האָט אים אויסגעמאָלן, מיט אַ
גרויסן בויך, קורצע פֿיס און ביי דער לינקער זייט פֿון
בויך אַ קיילעכדיק־צעשפּרייטן זאַק, האָבן זיי זיך האַרציק
צלאַכט און זיי האָבן געפּאַטשט מיט די הענט, ווי אין
אַ שפּיל וואָס געפֿעלט זייער שטאַרק.

דאָס הילכיקע געלעכטער פֿון די קינדער האָט אָפּגע־
שטעלט פֿאַרבייגייער. דער פּאַרק־מאַן אַליין, איז אויך
צוגעקומען. ווען ער האָט זיך דערזען אַן אָפּגעמאָלענעם
אויפֿן אַספֿאַלט, מיט אַ גרויסן בויך און קורצע פֿיס, האָט
ער זיך צעלאַכט הויך אויף אַ קול. דעם פּאַרק־מאַן איז
זייער געפֿעלן געוווען די מעשה וואָס קינדער נעמען אים
אַריין אין זייער שפּיל, האָט ער צו זיי געזאָגט:

— קינדער, שטעלט זיך אוים אין אַ צירקל, איך האָב
פֿאַר אייך אַ סורפּריז. ווי טרענירטע סאָלדאַטן איז חברה
געבליבן שטיין אין אַ קרייז. דער פּאַרק־מאַן האָט יעדן
איינעם אָנגעשפּיליעט אַ רויזעלט קנעפּל אויפֿן סוועטער,
נאָר אברהמ׳לען האָט ער אָנגעשפּיליעט אַ גרויס בילד
פֿונם פּרעזידענט און מיט דער רעכטער האַנט צום שטערן
האָט דער פּאַרק־מאַן סאַלוטירט צו די קינדער און זיי
האָבן אים געענטפֿערט מיט אַ סאַלוט. אָט אַזוי האָט מען
זיך צעזעגנט און די קינדער זיינען געגאַנגען אַהיים זינ־
גענדיק:

„די יענקס אַר קאַמינג,
די יענקס אַר קאַמינג".

## ב

שיקע, אברהמלס אַ חבר, קאָן ניט פֿאַרגעסן פֿאַרוואָס
דער פּאַרק־מאַן האָט אברהמלען געגעבן דאָס גרעסטע
בילד פֿון פּרעזידענט רוזוועלט, טוט ער אים אָפּ שפּיצלעך.

שיקע נעמט אברהמלען ניט אַריין אין קיין שפּיל, ער צופּט אים די האָר און ער רופט אים מיט ניט קיין שיינע נעמען. היינט איז אברהמל אַריין אין שטוב מיט אַ געוויין:

— מאַ־אַ־אַ, די קינדער רופן מיך מיאוסע נעמען!

— וואָס זאָגן זיי אויף דיר? — פּרובירט די מאַמע אים באַרואיקן.

— זיי רופן מיך „אברהמל מאָלער" — כליפּעט ער מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ.

— קינד, מאָלער איז דאָך אַ שיינער נאָמען און אברהמל וועט טאַקע זיין אַ מאָלער. ער וועט אויסמאָלן שיינע בילדער און שיפן און מיר וועלן פאָרן אויף טייכן און אויף ימ'ען און ס'וועט זיין גוט! און איצט וועט זיך אברהמל לייגן אויפן בעט אָפּרוען, איך וועל ברענגען אַ „קאַלטן מאָלטער" און געשמאַקע קיכעלעך.

אברהמל האָט זיך אויסגעצויגן אויפן בעט און ס'האָבן זיך אים גענומען פאַרמאַכן די אויגן פון מידקייט און פון וויינען אַ סך. דורך די פאַרמאַכטע אויגן זעט אברהמל זיין מאַמע. ער זעט זי גיין גיך; ווי אין אַ טאַנץ טראָגט זי זיך איבערן שטוב. און ווען אברהמל שפּילט זיך אויפן דיל מיט קלעצלעך, לאָזט זיך די מאַמע זיינע אַראָפּ אויף די קני און זיי לייגן אויס בריקן:

— און איבער די בריקן, — הערט אברהמ'ל זיין מאַמע ריידן שטיל, — איבער די בריקן וועלן קומען גוטע מענטשן און ברענגען שיינע מתנות.

איין זאַך קאָן אברהמל ניט פאַרשטיין:

די מאַמע זיינע דערציילט אים, אַז אַ באָבע וועט קומען און זי וועט ברענגען אַ פולן פאַרטוך מיט בעכערלעך, די באָבע וועט זיי אַרויסלייגן אויפן טיש און זי וועט אונז אַלעמען בענטשן מיר זאָלן זיין געזונט און שטאַרק. דערנאָך, זאָגט די מאַמע, וועלן מיר אָנגיסן רויטן ווייַן אין

די בעכערלעך, מיר וועלן זינגען לידער און ס'וועט זיין פֿריילעך, און ס'וועט זיין גוט.

אברהמל וויל ניט קיין וויין! אברהמל וויל די בע־כערלעך זאָלן זיך איבערקערן ווי גלעקלעך און קלינגען שטיל, אַזוי שטיל און שיין ווי די מאַמע זיינע זינגט. און אַזוי הערנדיק זיין מאַמע זינגען, שמייכלט אברהמל אין שלאָף פֿון זיין שיינעם חלום.

ווען אברהמל האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, האָט ער דערזען די מאַמע זיצן צופֿוסנס פֿון זיין בעט מיט אַ גלאָז „מאָל־טער" אין האַנט. אברהמל האָט געזופּט פֿאַמעלעך דעם מחיה'דיקן געטראַנק און ער האָט געבעטן, די מאַמע זאָל אים זינגען דאָס ליד פֿון די גלעקלעך:

דעם גאָלדענעם פּאָדעם האָט באָבע געשפּונען,<br>
די גלעקלעך צעהאַנגען אין ליכטיקן שיין, —<br>
די שפּיל מיט די גלעקלעך ט'אברהמל געפֿונען<br>
און ער נעמט אינם שפּיל זיין מאַמע אַריין,<br>
אַיי־דידל־דיי, אַיי־דידל־דיי<br>
און ער נעמט אינם שפּיל זיין מאַמע אַריין.

# איז מערעלין גערעכט?

## א

מערעלין איז אַ גוטע שילערין, אין קלאַס רופט זי די לערערין אַרויס פּאָרצולייענען ווען עס קומט אַ גאַסט פון בילדונגס־אָפּטיילונג צו זען ווי די קינדער פּראָגרעסירן אין זייער לערנען.

מערעלינס קול קלינגט ווי אַ זילבער־גלעקל, זי שטייט אויבן־אָן מיטן בוך אין דער האַנט און לייענט אַ מעשה. ווען זי לייענט פאַר אַ ליד דאַרף זי נישט אַריינקוקן אין בוך, זי לייענט אויף אויסנווייניק.

דאָס יאָר איז נישט גוט מיט מערעלין. שוין דאָס דריטע מאָל דעם זמן, ווי מען רופט איר מאַמען אין סקול: „די לערערין וויל אייך זען, וועגן אייער קינד מערעלין". אַט אַזוי שטייט געשריבן אין צעטעלע.

מערעלינ׳ס מאַמע קאָן נישט גיין זען די לערערין, זי אַרבעט אַ גאַנצן טאָג אין שאַפּ. גייט מערעלינס באָבע זען די לערערין, נאָר זי קען זיך נישט גוט צונויפריידן מיט דער לערערין אויף ענגליש. אָבער זיי פאַרשטייען זיך: „ס׳וועט זיין גוט" שאָקלט די באָבע צו מיטן קאָפּ, און אַ שמייכלענדיקע באַגלייט די לערערין מערעלינס באָבען צו דער טיר, מען געזעגנט זיך: „גוד ביי, גוד ביי" און די באָבע גייט אַוועק.

## ב

„נו, קיין בייז וועט נישט זיין״, טראַכט די באָבע אַהיים גייענדיק נאָכן שמועס מיט מערעלינס לערערין.

אין שטוב טרעפֿט די באָבע מערעלינס מאַמען. — כ׳האָב נישט געקאָנט איינזיצן אין שאַפֿ, רעדט מערע־לינס מאַמע מיט האַרץ־קלעמעניש. — וואָס הייסט מען רופֿט מיך זען די לערערין ? שוין דאָס דריטע מאָל דעם זמן, וואָס איז געוואָרן מיט מיין קינד ? פֿאַרוואָס וויל זי נים לערנען קיין געאָגראַפֿיע ?

— טאָכטער מיינע, זאָרג נישט, — בעט זיך מערע־לינס באָבע, זי וועט אָניאָגן ! דו קענסט ניט דיין מערעלין?

— אָט איז זי דאָ פֿון סקול, — טוט זיך די באָבע אַ לאָז צו דער טיר.

מערעלין קומט אַריין, דאָס פּנים אירס שטראַלט אויף דערזעענדיק די מאַמע אין דער היים בייטאָג.

— אָ, מאַ ! ס׳איז אַזוי גוט וואָס דו ביסט אינדערהיים בייטאָג.

מען צעקושט זיך און ס׳ווערט אַ פֿרייד אין שטוב. די מאַמע דערלאַנגט איר אַ גלאָז מאַראַנצן־זאַפֿט. נאָר מערעלין האָט בעסער ליב ווען די באָבע שיילט אָפּ און דערלאַנגט איר אויף אַ טעלער אַ גילדערנעם מאַראַנץ ווי די זון.

די באָבע איז פֿול מיט זאָרג סיי פֿאַר דער טאָכטער, סיי פֿאַרן אייניקל. זי וויל דערגיין פֿאַרוואָס מערעלין איז עפּעס ניט ווי ס׳באַדאַרף צו זיין אין איר סקול דעם זמן. זי רופֿט אַרויס דאָס מיידל:

— מערעלע, (די באָבע קען ניט אַרויסריידן מערע־לין, רופֿט זי זי מערעלע). מערעלע, לאָמיר הערן די מעשה פֿון דיין נייעם בוך וואָס דו לערנסט אין סקול.

— איך האָב צוויי סקולס, — ווייזט מערעלין מיט צוויי פינגער אין דער הויך, און זי איז שטאַרק צופרידן וואָס מען רעדט מיט איר ניט וועגן געאָגראַפיע, וועגן דעם טאָקע האָט די לערערין שוין צום דריטן מאָל גערופן מערעלינס מאַמען אין סקול.

— איך וויל זאָלסט דערציילן די מעשה פונם יידישן בוך, זאָל די מאַמע דיינע הערן ווי שיין דו דערציילסט אַ מעשה.

— אָ, דו מיינסט די מעשה פונם יינגל וואָס האָט נישט קיין טאַטן אַזוי ווי איך? און ער פאַרקויפט קוואַס כדי צו פאַרדינען געלט?

— ניין! — פאַרדריסט שוין דער באָבען וואָס זי האָט זיך פאַרנומען וועגן מעשות. „צו וואָס איר דערמאָנען, אַז זי איז אַ יתומהלע״?

— ניין, מיין קינד, איך וויל זאָלסט דערציילן אַ מעשה פון חומש.

ג

די באָבע דערמאָנט זיך דעם פאַרדראָס וואָס זי האָט געהאַט, ווען זי האָט צום ערשטן מאָל דערזען דעם חומש׳ל אָן נקודות. באַלד אָבער האָט די באָבע געפונען אַ טרייסט: „זאָל זיין אָן נקודות, אַבי מען נעמט דעם הייליקן ספר אין דער האַנט אַריין״.

— דערצייל, מערעלין, בעט זי די מוטער, דערצייל, איך האָב נאָך נישט געהערט קיין איין מעשה פון דיין נייעם בוך.

— ווילסט הערן די מעשה פון משה, ווי ער האָט באַפרייט די יידן פון מצרים? — נישט וואַרטנדיק אויף זייער ענטפער הייבט מערעלין אָן דערציילן:

— משה האָט אויפגעהויבן זיין האַנט, און דער ים

האָט זיך געשפּאָלטן און די יידן זיינען געגאַנגען אויף דער טריקעניש. און די שונאים האָבן נאָכגעיאָגט די יידן, נאָר דער ים האָט די שונאים פאַרשלונגען.

זי טוט אַ הייב דעם קאָפּ, אירע אויגן לויכטן אויף מיטן פייער פון נצחון און איר קול ווערט העכער און קלינגט ווי דאַן אין סקול, ווען זי האָט פאָרגעלייענט אויף דער בינע.

— דאָס איז נאָך נישט אַלץ, — טוט זי אַ פינטל מיט איין אויג, — ס'זיינען אָנגעקומען נאָך שונאים און גאָט האָט אַראָפּגעשיקט אויף זיי פייער און וואָלקן, קיין „באָמ־בערס" זיינען דאַן נישט געווען... קלערט מערעלין אויף אירע צוהערער, און די שונאים האָבן נישט געקאָנט טרעפן דעם וועג. און די יידן האָבן געזען, אַז משה האָט זיי באַפרייט פון קנעכטשאַפט, האָבן זיי אַלע אינאיינעם אָנגעהויבן זינגען דאָס ליד פון באַפרייאונג. און מרים האָט גענומען די פויק אין איר האַנט און אַלע ווייבער זיינען איר נאָכגעגאַנגען מיט טענץ און מיט געזאַנג.

ד

— מאַ! דו געדענקסט? — שפּרינגט מערעלין צו צו דער מאַמען. — דו געדענקסט די שפּיל וואָס מיין שול האָט אויפגעפירט פסח? און די לערערין, מיס עסטער־זאָן, האָט געזאָגט, אַז איך בין די בעסטע מרים און איך האָב געטאַנצט אַנטקעגן די באַפרייטע יידן. דו ווילסט איך זאָל טאַנצן? — פלאַטערט מערעלין אַרום דער מאַמען ווי אַ שמעטערלינג.

— געזונטערהייט, מיין קינד, — כאַפּט אונטער די באָבע, — זאָלסט מיר נאָר טאַנצן.

מערעלין הייבט אויףביידע הענט אין דער הויך און עס ווייזט אויס ווי אַ האַרפע. זי הייבט זיך אָן וויגן ווי אַ

יונג בוימעלע אין ווינט און לאָזט זיך איבערן שטוב אין א טאַנץ. אירע שלאַנקע פיס רירן קוים אָן דעם דיל, דאָס קליידל צעפליגלט און איר דינע פיגור בייגט זיך ווי א לולב. אָט פאַרוואַרפט מערעלין דעם קאָפּ, שטרעקט אויס דעם האַלדז, דאָס פּנים צו זון, צו ליכט און דער שוואַר־צער קאָפּ האָר כוואַליעט — אַ וואַלד מיט פרייד.

אָט אַזוי טאַנצט מערעלין אויס איר האַרצווייטיק וואָס די קינדער אין קלאַס לאַכן פון איר פאַרוואָס זי וויל נישט לערנען קיין געאָגראַפיע.

## ה

מערעלינס רו איז ווידער געשטערט:

היינט פרי, מיט דער ערשטער פּאָסט איז ווידער אַמאָל אָנגעקומען אַ בריוו פון סקול. מערעלינס מאַמע מוז אַליין קומען זען די לערערין.

אין קלאַס־צימער איז שטיל, די לערערין שרייבט מיט ווייסן קרייד אויפן טאָוול, די קינדער כאַפּן אויף די אותיות וואָס קייטלען זיך אין ווערטער:

„מיר וועלן אָפּפרישן אין זכרון אונדזער נעכטיקע לעקציע".

סעלמאַ איז זיך מחיה — „מערעלין וועט היינט אויך ניט וויסן וואָס צו ענטפערן", סוד'עט זי אין אויער אַריין ליליען.

— סעלמאַ, — רופט אויס די לערערין, — וואו קריגן מיר אַרויס אַ סך פוטערוואַרג?

סעלמאַ בלייבט זיצן צעטומלט: דער ענטפער איז איר אַרויסגעפלויגן פון קאָפּ, ווי דער קאַנאַריק, וואָס איר אָנקל דען האָט איר געקויפט אַ מתּנה.

— פוירל, — ווענדט זיך די לערערין צום מיידל מיט דער אויסגעשטרעקטער האַנט אין דער הויך.

— אין אַלאַסקאַ, — ענטפֿערט פֿוירל און אירע גרויסע טרויבן־אויגן גיבן אַ בלענד.

— וואָס נאָך קריגן מיר פֿון דאָרטן ?

— פֿיש, — ענטפֿערט פֿוירל גיך, — פּונקט ווי זי האָט די גאַנצע לעקציע פֿון נעכטן איינגעשלונגען.

— זייער פֿיין, — שמייכלט די לערערין צופֿרידן. — ווי רופֿט מען די פֿיש וואָס מיר קריגן אין אַלאַסקאַ ?

— סעמען ! — ענטפֿערן עטלעכע שטימען אויף איין מאָל.

עס עפֿנט זיך די טיר און מערעלינס מאַמע קומט אַריין, די לערערין נעמט זי אויף און דערקלערט איר:

— מערעלין קוקט אַפֿילו נישט אַריין אין בוך ווען מיר האָבן אַ לעקציע אין געאָגראַפֿיע.

— וואָס קאָן איך טאָן ? — פֿרעגט מערעלינס מאַמע באַזאָרגט, — זי ענטפֿערט מיר אויך נישט פֿאַרוואָס זי וויל נישט לערנען קיין געאָגראַפֿיע.

— לאָמיר גיין צום פּרינציפּאַל, — רופֿט די לערערין אַרויס מערעלין.

אין פּרינציפּאַלס קאַבינעט זעצן זיך די געסט אַריין אין טיפֿע שטולן וואָס שטייען ביים גלאַנציקן טיש. מערע־לינס פֿיס גרייכן קוים דעם דיל, וויגט זי אונטער איין פֿוס פֿון אויפֿרעגונג. דאָס פּנים אירס איז בלייך און די ליפּן פֿאַרמאַכט — שטייף ווי אַ פּתח.

דער פּרינציפּאַל פֿרעגט די מוטער צי מערעלין איז געווען קראַנק לעצטנס, אָדער זי האָט זיך איבערגע־שראָקן ?

— ניין, — ענטפֿערט מערעלינס מוטער, — וואָס איך באַמערק יאָ אין מיין קינד: זי איז מאָדנע שטיל און אומעטיק.

— מערעלין, — ווענדט זיך דער פּרינציפּאַל צו איר.

זי שפּרינגט אַראָפּ פון שטול און בלייבט שטיין פאַרן פּרינציפּאַל גלייך ווי אַ סטרונע.

— פאַרוואָס ווילסטו נישט לערנען קיין געאָגראַפיע ? דו קוקסט אַפילו נישט אַריין אין בוך, זאָגט מיר דיין לע־רערין.

אַרום מערעלינס אונטערשטער ליפּ ברעכט זיך אַ ציי־טער, אָט־אָט וועט זי אָנהויבן וויינען.. נאָר מערעלין שטאַרקט זיך, און זי ענטפערט:

— איך קען נישט לערנען קיין געאָגראַפיע, דאָס דערמאָנט מיך אין צרות אויף דער וועלט.

— אין וואָס זאָגסטו דערמאָנט עס דיך ? — פרעגט דער פּרינסיפּאַל, אַ פאַרוואונדערטער.

— איך זע ווי בלוט גיסט זיך, איך הער קינדער ווייי־נען, ווען איך קוק אין דער מאַפּע. — און מערעלין צע־וויינט זיך הויך אויף אַ קול.

— ווייַן נישט, מערעלין, גלעט זי דער פּרינציפּאַל איבערן קאָפּ. מיר וועלן אַרויסשיקן אַ צעטל צו די קינדער פון דער גאַנצער סקול און זאָלן זיי אָפּשטימען צי דו, מערעלין, ביסט גערעכט ? זאָלן זיי זאָגן, צי קאָן מען העלפן אימיצן דערמיט, וואָס מען וועט אויפהערן צו לער־נען געאָגראַפי'ע ?

# די גרינע פּראַש

אין אַ קאַלטןווינטער טאָג איז די מומע דינה אַריין אין שטוב. די קינדער זיינען איר אַנטקעגנגעלאָפן.

— העלאָו דינה, האָבן זיי אויסגערופן אין איין קול. די מומע האָט זיך איבערגעבויגן, צעקושט מיט די קינדער און געזאָגט: אוי איז היינט קאַלט אין גאַס!

די מאַמע האָט צוגענומען ביי דינהן דעם מאַנטל און דאָס שאַכטל — איינגעוויקלט אין אַ ברוינעם פּאַפּיר, אי־בערגעבונדן מיט אַ ווייס שטריקל.

—דינה, וואָס האָסטו אונדז געבראַכט? — פרעגט דער קליינער בערל.

— ס'איז ניט שיין צו פרעגן, — לערנט אים פרעדי, דער עלטסטער פון די דריי ייִנגלעך.

— כ'האָב געבראַכט אַ רוסישן מאכל, — דערקלערט דינה, און זי נעמט דאָס שאַכטל, וויקלט עס אַרויס פון ברוינעם פּאַפּיר און ווייזט די קינדער:

— איר זעט, — ווייזט זי יעדן באַזונדער דאָס שאַכטל, — דאָ איז אָנגעשריבן וואָס אינם שאַכטל געפינט זיך. און ס'לייענט זיך אַזוי „רוסקאַיאַ כאַלוואַ". פרעדי צעעפנט ברייט זיינע אויגן אין פאַרוואונדערונג.

— דינה, ווי קאָנסטו אויסריידן דאָס וואָרט? — פרעדי פרובירט, נאָר עס רעדט זיך ביי אים אַרויס „האַלוואַ" דעם „כ" קען ער ניט אַרויסריידן.

— אָבער עסן וועלן מיר אַלע קענען. צום טיש קינ־דער! זי נעמט אַ שטיקל כאַלוואַ און זאָגט, אַז אין רוס־

לאַנד עסט מען כאַלוואַ מיט ברויט און מען פּאַרטרינקט מיט טיי.

— יע, מאַ? — פרעגט דעני, דער מיטלסטער פון די דריי קינדער.

— אַוודאי, — ענטפערט די מאַמע און זי הויבט זיך אויף פון טיש. כ׳וועל טאַקע צושטעלן טיי און מירן עסן אַ רוסישן מיטאָג.

קליינוואַרג קייט כאַלוואַ מיט ברויט ניט מיט קיין גרויס חשק און פרעדי רופט זיך אָן: — כ׳ווייס ניט ווי מען קען עסן ברויט מיט ברויט. — בערל האָט זיך דער־פרייט און באַלד אָפּגערוקט פון זיך דאָס רעפטל ברויט און גענומען פּאַקן כאַלוואַ אויף ביידע באַקן.

— וואָס עסט מען זומער ווען ס׳איז הייס? אויך ברויט מיט ברויט, — לאַכט דעני.

— זומער שפּילן זיך קינדער אין גאַס, — ענטפערט דינה. — ביי אונדז אין הויף איז געווען גוט זיך צו שפּילן ניט ווייט פון הויף איז געווען אַ סאַזשלקע און בלאָטע איז געווען אַ סך. אויף די בערגלעך פון דער בלאָטע פלעגן זיך וואַרעמען פרעש אַנטקעגן דער זון. מיט אַ פינגער פלעג איך אָנרירן אַ פראָש, פלעגט עס אַ שפּרונג טאָן גלייך אין וואַסער אַריין.

איינמאָל איז צו מיר צוגעשפּרונגען אַ גרינע פראָש. ס׳האָט מיר אַ בלענד געטאָן פאַר די אויגן, אַזוי שיין איז עס געווען. איך האָב די גרינע פראָש גענומען אין מיינע הענט, אַוועקגעזעצט עס אויף דער פלאַך פון מיין לינקער האַנט און געקוקט ווי עס אָטעמט גיך־גיך, און כ׳האָב שטאַרק רחמנות געקראָגן אויפן שיינעם פראָש: פאַרוואָס עס קאָן ניט ריידן און ניט זינגען קיין לידער אַזוי שיין ווי איך.

און ווען כ׳האָב געהאַלטן אין מיטן רחמנות האָבן אויפן שיינעם פראָש, זיינען אָנגעקומען צוויי שיקסלעך, פּאָליאַ און מאַריאַ און זיי האָבן זיך אויסגעלאַכט פון מיר:

„ווי נאַריש דו פּרייסט זיך דאָס צוליב איין גרינער פּראָש, דאָרט אויף דער לאָנקע, ווייזט מאַריאַ מיט דער רעכטער האַנט, דאָרט וואו ס'פּיטערן זיך די ענטלעך און די גענדז, שפּרינגען טויזנט גרינע פּרעש אויף איין מאָל. איך האָב אַ ציטער געטאָן אין פאַרוואונדערונג, און די גרינע פּראָש איז אַראָפּגעשפּרונגען פון מיין האַנט און אַנטלאָפן.

— דינה, ווי קאָן מען איבערציילן די פּרעש ווען זיי שפּרינגען ? — לאַכט דעני.

— זייער גרינג, — איילט פרעדי מיט זיין ענטפער, — מען קוקט אויף אַ פּראָש און מען ציילט, מען קוקט אויף נאָך אַ פּראָש און מען ציילט איינס, צוויי, דריי, פיר. אַזוי ביז מען ציילט אָפּ טויזנט.

— און מיר, — דערציילט ווייטער די מומע דינה, — מיר האָבן זיך גענומען פאַר די הענט און געגאַנגען זען ווי טויזנט גרינע פּרעש שפּרינגען אויף איין מאָל. פאַר מיינע אויגן האָבן זיך געשפּרייט טייכלעך און הויכע גרעזער און כ'האָב אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז כ'בין ווייט פון דער היים.

אויף די טייכלעך זיינען געשוואומען גענדז און גענדז־לעך, ענטלעך און זייערע ענטעלעך. אַרום די טייכלעך זיינען געזעסן אָדר געלעגן שקצים און שיקסלעך, דאָס האָבן זיי געהיט זייערע סטייעס. איך האָב מיט די אויגן געזוכט די טויזנט גרינע פּרעש, אָבער כ'האָב זיי ניט גע־זען. האָב איך געפרעגט אַ פּאַסטעכל און ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט אַזוינס ניט געזען, און ס'איז קיינמאָל ניט געווען אַזויפיל גרינע פּרעש אין דעם געגנט.

— איז וואָס האָסטו געטאָן ? — פרעגט פרעדי נייגע־ריק און אַלע קינדער, אַפילו די מאַמע האָבן געקוקט אויף דינה'ן אומרואיק.

— וואָס ? — פאַרטראַכט זיך די מומע דינה, — כ'האָב אַ קוק געטאָן אויף מאַריען און אויף פּאָליען, און זיי האָבן זיך צעלאַכט אויף אַ קול. האָב איך פאַרשטאַנען, אַז זיי

האָבן מיך אָפּגענאַרט, בין איך אַ ווײנענדיקע אַוועקגע־לאָפֿן אַ היים.

אין שטוב בין איך אַרײַן אַ פֿאַרווײנטע, אָן אויסגע־שמירטע אין בלאָטע.

— וואו ביסטו געווען ? ! — האָט מיך די מאַמע גע־פֿרעגט מיט אַ צעשראָקן פּנים.

— מען האָט מיך אָפּגענאַרט, — האָב איך אַרויסגע־ווײנט מײַן ענטפֿער.

— ווער האָט דיך אָפּגענאַרט ? — פֿרעגט די מאַמע.

— פּאָליאַ און מאַריאַ האָבן בײַ מיר אויסגענאַרט די גרינע פֿראָש !

— וואו האָסטו גענומען אַ גרינע פֿראָש ? הער אויף כליפּען ועסטו קענען דערציילן.

— אין הויף, בײַם טײַך, איז צוגעשפּרונגען אַ שײ־נע, גרינע פֿראָש. כ׳האָב זיך געשפּילט און גערעדט צום פֿראָש, זײַנען אָנגעקומען פּאָליאַ און מאַריאַ און זיי האָבן מיר געזאָגט, אַז ווײַט אויף דער לאָנקע שפּרינגען טויזנט גרינע פֿרעש אויף איין מאָל, בין איך מיט זיי אַוועק אַהין און זיי האָבן זיך פֿון מיר אויסגעלאַכט.

— ווײן ניט, — האָט די מאַמע מיר געווישט די טרערן פֿון פּנים, — ווײנט ניט, מאָרגן וועט אַ גרינע פֿראָש קומען צום טײַכל, און דו וועסט זיך מיט איר ווידער שפּילן.

— נו, — האָבן זיך די קינדער אַ צי געטאָן צו דער מומע דינה, אַפֿילו די מאַמע האָט אויך געוואָלט וויסן צי די גרינע פֿראָש איז געקומען צום טײַכל אויף מאָרגן, ווען דינה איז אַרויס זיך שפּילן.

— ניין, — האָט די מומע דינה געענטפֿערט מיט אַ זיפֿץ, — די גרינע פֿראָש איז ניט געקומען. איך האָב זיך געיאָגט נאָך טויזנט פֿרעש, האָב איך די איינע אויך פֿאַר־לאָרן. און זי איז געווען אַזוי שיין, די גרינע פֿראָש.

# לייבל פון אונטערן באַרג

## א

אויפֿן צענטן יאָר איז לייבל דער יתום געוואָרן דער גרעסטער פֿאַרדינער אין הויז. ער שטייט אויף באַגינען, גייט אין שול זאָגן קדיש נאָך זיין טאַטן, דערנאָך לאָזט ער זיך אַרויס אויף זיין מאַרשרוט: ער גייט צו די רייכע יינג־לעך און העלפֿט זיי טראָגן די סידורים און דאָס צובייסן וואָס די מאַמעס גיבן זיי מיט אין חדר אַריין. די מאַמעס האָבן איינזעעניש מיטן יתום — ווער מיט אַ זיפֿץ און ווער עס גיט אים אַ וואַרעמען אָנבייסן. דעם לעצטן טאָג אין וואָך, פֿרייטיק, צאָלט יעדע מאַמע אָפּ. דער פּרייז איז ניט באַשטימט, איין מאַמע גיט דריי קאָפּיקעס, אַ צווייטע גיט פֿינף קאָפּיקעס און אַזוי כסדר.

שבתים און יום־טובים איז לייבל אַ משורר ביים שטאָטישן חזן, משה מאיר. זיין קול איז וואונדערלעך, קלאָר, לייבל איז דער ערשטער צווישן די משוררים און דער חזן צאָלט אים מער ווי די אַנדערע יינגלעך.

לייבל׳ס מאַמע, פֿרומע די אַלמנה, שטייט אויף פֿאַר־טאָג און הייצט איין דעם אויוון צו דערוואַרעמען די שטוב. פֿאַרן שלאָפֿן גיין לייגט זי אַרויף אַ פּאָר שייטלעך האָלץ אויפֿן הרובע צום טריקענען, כדי ס׳זאָל זיך איינברענען גיכער. זי צינדט אָן אַ פּאָר קינעלעך און פֿאַרזיכטיק, ווי מען טראָגט אַן אָנגעצונדן ליכט אין אַ ווינטיקן אָוונט לייגט זי אונטער די קינעלעך אונטערן בערגל האָלץ. די

טרוקענע בערעזע־העלץ גיבן אַ נעם אַרום דאָס פייער מיט אַ בלויען ציטער.

אין שטוב ווערט פריילעכער — אַן אָנגעהייצטער אויוון רעדט ווי אַ פריינד — דער ערדענער טיי־קעסל קאָכט, טראָפנס שפריצן פון שמאָלן האַלדז און דאָס פייער פאַרצוקט זיי.

— שטיי אויף, מיין זון, — וועקט די מאַמע דאָס פאַר־שלאָפן יינגל, — ס'איז שוין ליכטיק אין די פענצטער. זאָלסט חלילה ניט פאַרשפעטיקן זאָגן קדיש און קומען אין חדר צו דער צייט.

שפעטער־צו, שטייען אויף די קלענערע קינדער, די מיידלעך. זיי עסן אָפּ אָנבייסן און זעצן זיך אַרום טיש פליקן פעדערן. די מאַמע קומט צו צום טיש מיט אַ פולן טאָפּ ניט קיין געפליקטע פעדערן. זי טראָגט אים מיטביידע הענט, ווי מען טראָגט אַ געקאָכט מאכל צום טיש, זי בויגט זיך איבער איבערן טיש און טיילט אויס יעדן פון די קינדער אַ קופּקע מיט פעדערן. אַנטקעגן זיך שטעלט זי אַוועק דעם טאָפּ און זעצט זיך מיט די קינדער אינ־איינעם פליקן. און דורך די גרויע ווינטער־טעג וואַקסן זילבער־פּוכיקע בערגלעך און וואַקסן.

דורך דער גאַנצער וואָך איז אומעטיק, אַלע טאָג די זעלבע זאַך — פליק־און־פליק, ביז דער טיש ווייזט אויס ווי אַ גרויסע גאַנדז, כאָטש נעם, זעץ זיך אויפן רוקן פון דער ריזיקער גאַנדז און שווים מיט איר אין אַ וועלט פון פרייד און שפיל. „אוי, וואָלט איך געפלויגן!“ טראַכט שאָשקע, די יינגסטע פון די דריי שוועסטערלעך, אַ דורכ־זיכטיק, בלייך מיידל. איר דין פּנים און גרויסע מאַנדל־אויגן קוקן ווי אין חלום. דינה און שיינדל זעען אויס ווי שניי־מיידעלעך אַנטקעגן די ווייסע פענצטערלעך וואו דער פראָסט כישופט קוויטן און צווייגן.

די מאַמע בלייבט זיצן אַ פאַרזאָרגטע, קוקנדיק אויף אירע מיידלעך מיט זייערע דינע פינגער ווי חלב'ענע ליכטלעך, גיך־גיך צופּן זיי די פעדערן. מיט אַ פאַרקלעמט

האַרץ שעפּטשען אירע ליפּן: „ס'איז דאָ אַזוי פיל ברויט, מילך און עפּל אין שטאָט און מיינע קינדער זיינען אָפּ־געצערט און בלייך".

## ב

ווי שרעטעלעך שיטן זיך יינגלעך אַרויס פון חדר־שטיבל אין פּראָסטיקן דרויסן, מיט געזאַנג טראָגן זיי זיך איבער שטילע, אָוונטיקע געסלעך, וואָס ליגן געהילט אין ווייס־בלענדנדיקער רו. מיט אָנגעצונדענע לאַמטערנעס אין די הענט, ווי שוועבנדיקע לבנות, מאַרשירט אַריין אַן עדה יידעלעך אויפן מאַרק־גאַס. פאַרשפּעטיקטע קרעמער דערוואַרעמען זיך פון דעם געזאַנג וואָס חדר־יינגלעך פאַרציען אין דער פּראָסטיקער נאַכט.

לייבל איז דער איינציקער וואָס לאָזט זיך באַרג־אַראָפּ, אינם געגנט וואו די געמיינערע מענטשן וואוינען. זיין שאָטן ציט זיך אויס, גרויס ווי אַ גיבור זעט ער זיך וויק־לען אויף פלויטן, אַריבער די פלויטן, וויט־ווייט זעט ער זיך.

אַלץ אין שטוב טוט זיך אַ ריר האַסטיקער, ווען די מאַמע און די שוועסטערלעך דערהערן לייבלען אָנקומען. די מאַמע כאַפּט אַרויף אַ פאַטשיילע אויף די אַקסלען און לויפט צו דער טיר באַגעגענען דעם זון אויף די טרעפּ. די מיידלעך שפּרינגען אַראָפּ פון די בענקלעך און קאַ־נאַפּע, איבערלאָזנדיק הינטער זיך דעם ווייסן טיש און לאָמפּ מיט שפּיציקע פייערן פונם אָפּגעברענטן קנויטל.

שווער ווי אַ געלאָדענער וואָגן, עפנט זיך די אָנגע־פרוירענע טיר מיט אַ סקריפּ. ווייסע פּראָסט־וואָלקנס קנוילן אַריין און וויקלען זיך אַרום פיס און לענד. לייבל קומט אַריין אין שטוב ווי אַ רייזנדער פון אַ וויטן לאַנד, אָנגעפּעלצט און פאַרקנעפלט ביזן האַלדז, די קוטשמע טיף אַראָפּגעצויגן איבער די אויערן. פון גאַנצן לייבל זעט מען אַ רויטע נאָז און צוויי שוואַרצע אויגן וואָס בליצן מיט פּראָסטיקן פייער. די מאַמע און שוועסטערלעך העלפן

אים אויפֿקנעפּלען דעם אויבערמאַנטל, איינע שלעפּט די הענטשקעס פֿון די הענט און ס'ווערט אים אַזוי גוט אויפֿן האַרצן: מען פֿאַרעט זיך אַרום אים, ווי ער אַרום די גבירישע יינגלעך אַלע טאָג.

די מאַמע דערלאַנגט לייבלען עסן. זי נעמט אַראָפּ מיטן הילצערנעם לעפֿל דאָס צוגעברענטע אַרום די זייטן פֿון טעפּל און דערלאַנגט עס דער קליינער שאָשקען. דינה און שיינדל טרעטן ניט אָפּ פֿון לייבלען, — פֿרעגן אים אויב אַ סך מענטשן גייען אין מאַרק אין אַזאַ גרויסן פֿראָסט און, צי ער, לייבל, וועט נאָך היינט דערציילן אַ מעשׂה.

ג

פֿרייטיק איז פֿריילעכער ווי די גאַנצע וואָך. דעם טאָג פֿליקט מען ניט קיין פֿעדערן, וואַשט די מאַמע די קינדער די קעפּ אויף שבת. פֿלעכטנדיק די לאַנגע צעפּ מיט אירע קנאָכנדיקע הענט, בענטשט זי די טעכטער אירע: „גוטע מזלות זאָלט איר האָבן, ליכטיקע פּנימער מיינע". שכנ'י־שע קינדער ווייסן אַז פֿרייטיק קומט לייבל אַהיים פֿרי. ער דערציילט מעשׂות פֿון חומש, פֿירט אויף שפּילן און ס'איז אַ לעבעדיקע וועלט! קומט זיך צוזאַמען קליינ־וואַרג פֿון דער גאַנצער גאַס, אַפֿילו מאַריע דער מעלקערנ'ס צוויי שקצים'לעך זיינען אויך דאָ צווישן דער משפּחה קבצנים. ווען לייבל קומט אַריין אין שטוב טרעפֿט ער די חברה אין סאַמע שפּיל, ווי זיי דערזעען אים, גיבן זיי זיך אַ לאָז צו דער טיר: דער קאַפּיטאַן זייערער איז שוין דאָ!

מיט די אויגן זוכט לייבל זיינע שוועסטער צווישן די צעהוליעטע קינדער. זיין האַרץ טוט זיך אַ צאַפּל פֿון פֿרייד, דערזעענדיק זייערע גלאַנציקע פּנימער, פֿריש אָפּגעוואַשן מיט זייף, און זייערע אויסגעצוואָגענע קעפּ. „זיי ווייזן אויס גאָר אַנדערש, טראַכט ער, ווי גבירישע קינדער, אויף מיין וואָרט". דינה האַלט דעם קאָפּ אויפֿגעהויבן, גלייך, זי קאָן קוים אַ פּינטל טאָן מיט אַן אויג, אַזוי שטייף

זיינען אירע לאַנגע שוואַרצע צעפּ פאַרפלאָכטן. שיינדלס צעפּ זיינען אויך שטייף פאַרפלאָכטן, נאָר ביי איר מוז זיין אַ פּאָר לאָקן אויפן שטערן, ווען ניט איז קולות — זי לאָזט ניט פלעכטן. מיט שאַשקע׳ן קומט די מאַמע דורך — אַבי ס׳איז צום סוף אויסגעבונדן מיט אַ שלייף — — ווי ביי דינה׳ן און שיינדל׳ען.

אין סאַמע ברען פון צוגרייטן די שפּיל, קומט אַריין די מאַמע און בעט זיך ביי לייבלען ער זאָל עסן אַ פרישע פלעצל מיט ציבעלע, — נעם מיין זון, ביים איבער, ס׳האָט אַלע טעמ׳ען. זי בלייבט שטיין אַ ווײַלע, שעפּט זיך אָן מיט חיות קוקנדיק ווי די קינדער שפּילן,—„וואָס פאַר אַ ליכטיקע וועלט ס׳איז די קינדערשע".

די שפּיל איז חדר, און לייבל איז דער רבי. ער זעצט אוים די קינדער אַרום טיש, אויבנאָן איז זיין אָרט — דעם רבינס. ער דערציילט פונם נס־פּורים, ווי די יידן זיינען ניצול געוואָרן פון המנ׳ס הענט, און ווי די מעשה גייט: אַז צוליב דער שיינער אסתר איז דער נס געשען.

— דערצייל בעסער די מעשה מיטן מבול! — בעט זיך בערל, אַ דאַר קאַסאָקער יינגל: איין אויג זיינס קוקט אין מזרח, דאָס צווייטע אויג קוקט אין מערב. בערל האָט ערשט אָנגעהויבן לערנען חומש, איז אים די מעשה — נח אין דער תיבה שטאַרק געפעלן.

— יע! יע! — גיט זיך יאַן, איינער פון מאַריעס זין אַ קראַץ ביים אויער פון התפעלות, ער רעדט אַזוי גוט יידיש, אַז די קינדער רופן אים „יאַנקל".—דערצייל, דערצייל פון דעם קאַסטן, איך האָב אַזוי ליב ווען דו מאַכסט נאָך ווי די לייבן ברומען, די מענטשן קריגן זיך און, ווי די הינער „סאָקאָטשען" אין דעם קאַסטן.

לייבל ווענדט זיך צו די מיידלעך, זיי זיצן פאַרגאַפט און וואַרטן ביז די שפּיל וועט זיך אָנהויבן.

— פריידעלע, — בויגט ער זיך איבער צו דאָס קלענס־טע מיידעלע אין זיין „חדר", — פריידעלע, וואָס זאָל איך שפּילן? —

— שפּיל, שפּיל, — פֿלאָנטערט זיך פֿריידעלע אין די רייד ווי ס'וואָלט איר געווען אַ מינוט צום וויינען. — שפּיל ווי אַ מאַמע גייט צו קינד און וויין ווי דאָס עופֿעלע וויינט.

די קינדער ברעכן אויס אין אַ געלעכטער. הערשל, אַ רויט־האָריקער יינגל מיט טויזנט קלייען (שפּרינקעלעך) אויף זיין פּנים שפּרינגט אַזש אַרויף אויף דער קאַנאַפּע פֿון כעס:

— ניין! ניין! דאָס איז אַ שפּיל פֿאַר מיידלעך ניט פֿאַר יינגלעך.

ד

—אויב אַזוי, — דערקלערט לייבל, — וועלן מיר היינט דערציילן די מעשה מיטן מבול. — ס'ווערט אַ טומל אַ געפּילדער. די קינדער רוקן צו דעם טיש צו אַ וואַנט, מען שטעלט צו בענקלעך צו דער קאַנאַפּע און לייבל זעצט אויס די קינדער מיט אַ סדר — לעם יעדן קלענערן קינד זעצט ער אַ גרעסערן, ס'זאָל ניט זיין קיין געשלעגן. און די שפּיל הויבט זיך אָן; לייבל שפּאַנט אַהין און צו־ריק, דעם קאָפּ אַ ביסל געבויגן, די הענט פֿאַרלייגט אויף הינטן ווי ס'פּאַסט פֿאַר אַ רבין און ער הויבט אָן דערציילן. דאָס קול זיינס בייט ער, ווען ער דאַרף ריידן ווי גאָט און ווען ער דאַרף ריידן ווי נח.

— און גאָט האָט געזאָגט צו נחן, אַזוי צו זאָגן.

— נח, נח, די מענטשן האָבן ניט געפֿאָלגט, שיק איך אַראָפּ אַ מבול אויף דער ערד. דורך דיר, נח, וויל איך נאָכן מבול צוריק אויפֿשטעלן אַ וועלט. בוי אויס אַ תיבה און זעץ דאָרט אַריין דיין ווייב, דיינע זין און זייערע ווייבער. און פֿון יעדן באַשעפֿעניש אַ פּאָר.

נח האָט געענטפֿערט און ער האָט אַזוי געזאָגט:

— איך, דיין קנעכט נח, פֿאַרנעם דיינע רייד, האַר פֿון דער וועלט.

נח האָט אויסגעבויט אַ תּיבה און אַריינגעזעצט זיין ווייב, זיינע זין און זייערע ווייבער און אַלע פֿייגל און חיות ווי גאָט האָט באַפֿוילן, און גאָט האָט אַראָפּגעשיקט אַ מבול און פֿאַרפֿלייצט די ערד. מענטשן און חיות זיינען אומגעקומען. די וואַסערן זיינען געווען אַזוי הויך, אַז ס׳האָט פֿאַרטרונקען בוימער און פֿלאַנצן. אַריבער אַלע בערג האָבן די וואַסערן געפֿלייצט. נאָך פֿערציק טעג און פֿערציק נעכט האָט נח אויפֿגעעפֿנט אַ פֿענצטער און געזען אַז דער מבול האָט אויפֿגעהערט, האָט ער אַרויסגעשיקט אַ ראָב. דער ראָב איז געפֿלויגן אין דער פֿייכטער לופֿט און זיך באַלד צוריקגעקערט. האָט נח געוואַרט נאָך זיבן טעג און אַרויסגעשיקט אַ טויב. די טויב איז צוריקגעקומען מיט אַ גרינעם בלאַט אין מויל, האָט נח געוואַרט נאָך זיבן טעג און ער האָט ווידער אַרויסגעשיקט אַ טויב. די טויב איז צוריק ניט געקומען האָט נח פֿאַרשטאַנען אַז לעבן אויף דער ערד הויבט זיך אָן.

און נח איז אַרויס פֿון דער תּיבה און געזאָגט צו גאָט:

— דיין ווילן, אַלמעכטיקער האַר, האָב איך דערפֿילט; ס׳איז געווען אַזוי שווער, אַזוי שווער. מענטשן האָבן זיך געקריגט, די חיות האָבן זיך געשלאָגן און די שלאַנג האָט געשיפּעט און געררייצט. מיר קאָנען לעבן אויף דיין וואונדערלעכער וועלט, אַלמעכטיקער גאָט! נאָר ניט אַלע אונטער איין דאַך.

האָט גאָט גערעדט צו נחן און אַזוי געזאָגט:

— נח, נח, קיין מבול וועל איך מער ניט אַראָפּשיקן, איך הענג אַרויס דעם רעגנבויגן, זאָל דאָס זיין אַ צייכן אַז אַ בונד צווישן גאָט און מענטש איז פֿאַרקניפּט געוואָרן אויף אייביק.

און נח האָט צעעפֿנט די טירן, די פֿענצטער און דעם דאַך. זיינען די פֿייגל און די אָדלער זיך צעפֿלויגן אויף די בערג. די חיות זיינען אַרויס פֿון דער תּיבה און זיך געלאָזט אין די וועלדער און אויף די פֿעלדער. נח און זיין ווייב,

זיינע זין און זייערע ווייבער האָבן געטאַנצט און געזונגען שירה צו גאָט.

— און דאָס איז דער סוף פֿון דער מעשה, — דער־קלערט לייבל, — איצט וועלן מיר זינגען און טאַנצן. די קינדער שפּרינגען אַראָפּ פֿון די בענקלעך און קאַנאַפּע, ער הייסט זיי זיך אויסשטעלן אין אַ צירקל, זיך נעמען פֿאַר די הענט. בערל שפּרינגט אַריין אין דער מיט, זיי טאַנצן אַ קאַראַהאָד און זינגען:

אלה תולדות נח —<br>
פֿון בראַנפֿן קריגט מען כוח,<br>
פֿון בראַנפֿן קריגט מען כוח<br>
און תורה שאַרפֿט דעם מוח.

# שאַשקע

## א

שאַשקע — אַ דורכזיכטיק, דין מיידל, איר בלייך פּנים און גרויסע מאַנדל־אויגן קוקן ווי אין חלום. חלומט שאַש־קע פֿון אירע שוועסטער וואָס זיינען זיך צעפֿאָרן פֿון דער היים. זי חלומט פֿון דעם ברודער לייבל. ער איז אַוועקגע־פֿאָרן אין דער שטאָט, וואו ס'וואוינט דער שרייבער פֿון „דאָס מעסערל". לייבל האָט געזאָגט, אַז אין קיעוו וועט ער זיך דערשלאָגן צו עפּעס אַן אַרבעט און קאָנען שיקן דער מאַמען געלט.

— דערוויילע, — האָט לייבל געזאָגט, — וועל איך זיך אַמאָל אַריינכאַפּן אין אַ שול, אָדער אין אַ זאַל און אָפּגעבן שלום עליכם דעם שרייבער, וואָס דערפֿרייט מיט זיינע וואונדערלעכע מעשות.

דינה איז אַוועקגעפֿאָרן זייער ווייט איבערן ים, אַזש קיין אַמעריקע. זי שרייבט, אַז אין דער שטאָט ניו־יאָרק, וואו זי געפֿינט זיך, זיינען פֿאַראַן אַזוינע הויכע געביידעס, אַז מען קאָן מיטן אויג ניט כאַפּן. אין איינער פֿון יענע געביידעס אַרבעט זי. „אין שאַפּ, שרייבט דינה, טוען אַ שטעפּ הונדערט מאַשינעס אויף איין מאָל, און מענטשן זיינען דאָ אין שאַפּ אַ סך, ווי אויף אַ יאַריד. און זי שרייבט, ווען די אַרבעטער דאַרפֿן עסן וואַרמעס, פֿייפֿט מען אויף פֿייפֿלעך, און די גאַנצע שטאָט ווייסט, אַז די אַרבעטער עסן וואַרמעס".

שיינדל איז אויך אַוועקגעפֿאָרן אין אַ גרויסער שטאָט, אָבער ניט אַזוי ווייט פֿון דער היים. זי שרייבט, אַז זי אַר־בעט אין אַ שוועבל־פֿאַבריק און פֿאַרדינט געלט, נאָר פֿון אירע הענט און קליידער שמעקט מיט סירקע (שוועבל), אוי האָט זי פֿיינט דעם ריח פֿון סירקע!

שאָשקע בענקט שטאַרק נאָך אירע שוועסטער און ברודער, נאָר זי ווייזט עס ניט אַרויס פֿאַר דער מאַמען. די מאַמע האָט זייער אַ סך געוויינט, ווען לייבל איז אַוועקגעפֿאָרן, זי איז קראַנק געוואָרן פֿון בענקשאַפֿט. שפּעטער, ווען דינה איז אַוועקגעפֿאָרן, דערנאָך שיינדל, איז די מאַמע שטענדיק אַרומגעגאַנגען אַ פֿאַרטראַכטע און זי פֿלעגט ניט וויינען. נאָר, ווען זי פֿלעגט זיך זעצן ביים טייטש־חומש, פֿלעגט זי זאָגן מיט אַ מאָדנעם ניגון, אַז ס'פֿלעגט זיך גלוסטן אי וויינען, אי זינגען און שאָשקען פֿלעגט אין האַרצן אָנהייבן זינגען — — —

זומער און האַרבסט איז שאָשקען ניט שווער געווען צו בענקען נאָך אירע שוועסטער און ברודער וואָס זיינען זיך צעפֿאָרן פֿון דער היים. זי פֿלעגט זיך שפּילן מיט די שכנישע קינדער פֿון גאַס, נאָך אַ רעגן פֿלעגט זיך קליינוואַרג אויסטאָן באָרוועס און גיין אַרום די סעדער קלייבן עפּל, באַרן, פֿלוימען, וואָס דער רעגן און די ווינטן קלאַפּן אַראָפּ פֿון די ביימער. אין שטוב פֿלעגט שאָשקע אַריינקומען אַ נאַסע פֿון דער פֿייכטער לופֿט און טראָפּנס, וואָס די ביימער טרייסלען פֿון זיך אָפּ נאָכן רעגן.

## ב

שלעכט איז געווען ווינטער. די פֿרעסט זיינען גרויס, אויפֿן גאַס קאָן מען זיך לאַנג ניט שפּילן און אין שטוב איז אומעטיק. די מאַמע בעט שאָשקען, זי זאָל לייענען די בריוו פֿון די קינדער. לייענט שאָשקע די בריוו, שוין צום וויפֿלטן מאָל. יעדן בריוו קאָן זי כמעט אויף אויסנווייניק. איין זאַך קאָן שאָשקע ניט פֿאַרשטיין: ווען דינה שיקט פֿון אַמעריקע פֿינף דאָלער, דערהאַלט די מאַמע צען רובל. „אַמעריקע מוז טאַקע זיין אַ גאָלדענע מדינה", טראַכט שאָשקע.

לייבל פֿאַרקויפֿט אַ סך „גאַזעטן" און איז באַהילפֿיק מיט געלט, דאַרף די מאַמע ניט אויפֿשטיין פֿאַרטאָג און גיין צו יונה דעם בעקער העלפֿן באַקן בייגל. שיינדל שיקט אויך צו אַ פּאָר רובל, אָבער ניט קיין סך. זי שרייבט,

אַז זי דאַרף קויפֿן קעמעלעך און שפּילקעס אין די האָר.
„מען דאַרף זיין מיט לייטן גלייך״, שרייבט שיינדל.

איינמאָל איז שאָשקע געבליבן שטיין פֿאַרן שפּיגל, און זי האָט דערזען, אַז זי איז היפּשלעך אונטערגעוואַקסן, נאָר דין ווי אַ רוט. זי דערשרעקט זיך פֿאַרן געדאַנק טאָמער וועט זי אויך דאַרפֿן אַוועקפֿאָרן פֿאַרדינען געלט. „ניין! שרייט זי אויס, איך וועל ניט איבערלאָזן די מאַמע אַליין! אומעטום וועלן מיר פֿאָרן אינאיינעם״.

ס'איז פֿרילינג, די פֿענצטער הויבן אָן אָפּגיין, אַ בלויע ליכטיקייט שטראָמט אַריין אין שטוב, דערפֿרייט זיך שאָשקע, — ס'פֿאַרבינדט זי מיט דער גאַס — מיט איר וועלט.

שאָשקע זעט, ווי אַלץ טוט זיך איבער: די ווייס־פֿראָסטיקע וועלט צעלאָזט זיך און שפּרייט זיך אין טייכן, ווי שפּיגלען, וואָס קושן אויס אַלע זיבן הימלען. קריעס אינם טייך פּריפּעט הויבן אָן שווימען. קנאָספּן ברעכן זיך דורך די צווייגן און ווייזן אויס ווי אויגן פֿון שוועסטער וואָס בענקען — — דער בושל בלייבט שטיין אין גאָרטן אויף איין פֿוס, מיטן שנאָבל אין אַ פֿליגל. ער רוט זיך אָפּ — גרייט זיך צום וואונדערלעכן פֿלי — צעטראָגן די פֿרייד פֿון פֿרילינג איבער דער גאָרער וועלט.

אין אַזוינע טעג קומט שאָשקע אַריין אין שטוב אַ פֿאַרמאַטערטע. זי שפּאַנט אויס איבער אַלע גאַסן, ביזן פּריפּעט גייט זי. ביז דער סטאַנציע, וואו פּאַראַכאָדן שטעלן זיך אָפּ און מענטשן קומען אָן פֿון ווייטע שטעט.

דורכגענומען מיט דער פֿרילינג־לופֿט און זון פּלאַפּלט שאָשקע צופֿרידן און דערציילט דער מאַמען, וואו זי איז אויסגעוועזן דורכן טאָג:

— הער, מאַמע, דער קיעווער פּאַראַכאָד האָט געבראַכט אַ סך, אַ סך מענטשן. מען האָט גענומען גיין, און גיין, און גיין, אַז מיר האָט זיך אויסגעוויזן אָט! און איך וועל דערזען — — — דערווייל דערזעט שאָשקע, אַז ביי דער מאַמען זיינען די אויגן פֿאַרלאָפֿן געוואָרן מיט

טרערן. שפּרינגט שאָשקע אַראָפּ פֿון קאַנאַפּע מיט אַ טיפֿן ווייטיק און חרטה וואָס זי האָט צעערגערט דער מאַ־מעס האַרץ.

ווען די מאַמע האָט עגמת־נפש הויבט איר שטאַרק אָן וויי טאָן דער קאָפּ, און שאָשקע ווייס שוין דער מאַמעס מיטלען, כאַפּט זי אַ האַנטוך, נעצט עס איין אין קאַלט וואַסער און בינדט אַרום דער מאַמן דעם קאָפּ, בעטנדיק זיך ביי איר:

— לייג זיך צו מאַמעלע טייערע, איך בעט דיך.

ג

די מאַמע שטייט אויף אָפּגערוט און דערפֿרישט, איר פּנים איז אַ ביסל פֿאַרדויטלט. שאָשקע איז גליקלעך קוקנ־דיק אויף דער מאַמען — זי איז רואיק, די אויגן אירע זיינען לויטער, נאָר די האָר אַ ביסל צעשויבערט.

— מאַמע, לאָז מיך פֿאַרקעמען דיינע האָר, יאָ, מאַ־מעלע ? —

איידער די מוטער האָט צייט איר צו ענטפֿערן שוועבט שאָשקע ווי אַ פֿלאַטערלינג מיט אירע דאַרע הענט איבער איר מוטערס קאָפּ. זי שלעפּט אַרויס די האָר־נאָדלען, צענעמט די האָר און קעמט, און קעמט. ווען זי דערזעט אַ פּאָר גרויע האָר אין דער מאַמעס קאָפּ, פֿאַרשאַרט זי מיט אַ בינטל שוואַרצע האָר.

— טאָכטער, — פֿרעגט זי די מוטער, — דו פֿאַר־קעמסט מיר אַ נייע פֿריזור ?

— ניין, מאַמעלע, — לאַכט שאָשקע, — איך פֿאַר־שטעל דיינע גרויע האָר מיט פּאַסמעס שוואַרצע. איך וויל, זאָלסט מיר זיין יונג, מאַמעלע טייערע, יונג !

אין אַזוינע אָוונטן, נאָך אַלע איבערלעבונגען, ווען שאָשקע לייגט זיך אין בעט, קאָן זי ניט איינשלאָפֿן. אין דער פֿינצטער זעט זי קלאָר — אָט שטייען זיי לעבן איר בעט, זי הערט אירע שוועסטער ריידן. זי הערט איר ברו־דער לייבל דערציילן פֿון אַ סך, אַ סך זאַכן.

ד

אין דער װאַרעמער נאָענטקייט פֿון אירע ליבע, שלאָפֿט שאָשקע איין, און זי קוויקט זיך מיטן גע פיל פֿון אַ רייזנ־דער: זי פֿאָרט אויף אַ שיף, דער קוימען כוואַליעט מיט שוואַרצן, קרױזלדיקן רויך, ווי דינה׳ס לאַנגע האָר! מיט דער נאָז שניידט די שיף די וואַסערן און זי קומט אָן אין מאָזיר; אָט איז שיינדל — מיט אַ מיליאָן פּעקלעך שווע־בעלעך שטייט שיינדל! זי רייבט און רייבט שוועבעלעך, ביז עס ווערט ליכטיק אין אַלע פֿינצטערע גאַסן איבער דער גאָרער וועלט.

אָט זעט זי לייבלען! ער שטייט אויף אַ בימה און ער זינגט כל נדרי, און אַלע יידן דאַווגען, און ס׳איז אַזוי יום־טוב׳דיק און ס׳איז אַזוי גוט.

דינה זיצט צווישן אַ סך מענטשן, אַלע נייען, און דינה ציט אַ לאַנגן, ווייסן פֿאָדים. גיך־גיך טאַנצט די שטאָלענע נאָדל אין אירע הענט, און זי הערט ניט ווי שאָשקע רופֿט זי. דינה טוט אַ ציִ די בלאַנקע נאָדל, און דער ווייסער פֿאָדים פֿאַרפּלאָנטערט זיך ווי דער מאַמעס ווייסע האָר. שאָשקע ציט זיך, זי וויל אָנכאַפּן דעם קנופּ, העלפֿן אויפֿ־פּלאָנטערן, רופֿט זי הויך און העכער: „דינה! דינה!״.

ווען שאָשקע וואַכט אויף, בלייבט זי ליגן אין אַ טייך שווייס. די מאַמע שטייט לעבן איר בעט און ווישט אָפּ דעם שווייס פֿון איר שטערן.

— וואָס האָסטו אַזוי געשריען, מיין קינד? גוטע חלומות האָבן זיך דיר געחלומ׳ט?

שאָשקע האָט געשמייכלט און געשאָקלט מיטן קאָפּ צו דער מאַמען און פֿון אירעביידע אויגן האָבן זיך גע־קייקלט זודיקע טרערן.

# שלח־מנות

יודל איז היינט אויפֿגעשטאַנען מיט אַ שמייכל אויפֿן פּנים. אונטערברומענדיק אַ ניגון, האָט ער דערפֿרייט אַלע קינדער אינם פּליטים־לאַגער. הערנדיק יודלען זינגען, האָבן די קינדער אויך אָנגעהויבן אונטערברומען: לאַ־לאַ, לאַ־לאַ־לאַ *).

יאַנקל, אַ דאַר יינגל, מיט אַ סך פּלעקן אויף זיין פּנים, — פֿון הונגער זאָגט מען איז דאָס אים געקומען — האָט אָנגעהויבן קנאַקן מיט די פֿינגער און מיטברומען דעם ניגון.

— יודל, — רופֿט זיך אָן עריק, אַ יינגל וואָס מוז פֿריער וויסן איידער ער טוט עפּעס. — יודל, וואָס איז מיט דיר די שמחה היינט אַזוי גרויס?

יודל ענטפֿערט ניט. ער זינגט נאָך העכער ווי פֿריער: לאַ־לאַ, לאַ־לאַ־לאַ, לאַ־לאַ. — —

יאַנקל, אַן אמתער חסידל, נאָר די פּאות'לעך פֿעלן אים, — די נאַציס האָבן אים אָפּגעגאָלן די האָר ביז דער הויט, — קנאַקט מיט די פֿינגער און די פֿיס הויבן זיך אים אין אַ טענצל — לאַ־לאַ־לאַ.

אַ צייכן מיט דער האַנט, און די קינדער רינגלען אַרום יודלען.

— איצט וויל איך אייך דערציילן וואָס מיר האָט זיך היינט געחלומ'ט: מיין מאַמע איז צו מיר געקומען און זי האָט מיר געזאָגט, אַז אַ יום־טוב טאָר מען ניט פֿאַר־שטערן. היינט איז פּורים, דאַרפֿן יידישע קינדער זיך

*) ניגון פון ליד: „שיר העמק״.

פֿרייען: פּטור געוואָרן פֿון המן הרשע. אָט אַזוי האָט מײַן מאַמע געזאָגט און זי האָט מיך געגלעט איבערן קאָפּ.

די קינדער זײַנען געבליבן זיצן שווײַגנדיקע. דורך פֿאַרטערטע אויגן האָבן זיי געזען זייערע מאַמעס, זייע־רע נאָענטע.

— מען טאָר ניט פֿאַרשטערן קיין יום־טוב! — האָט יאַנקל איבערגעריסן די שטילקייט. — הײַנט איז פּורים, לאָמיר טראָגן שלח־מנות.

— שלח־מנות, שלח־מנות, — איז געוואָרן אַ טומל צווישן די קינדער.

— הערשל! — רופֿט אויס יאַנקל, — הערשל וואָס פֿלעגט דײַן מאַמע אויסלייגן אויפֿן טעצל אינם ערשטן שלח־מנות?

— מײַן מאַמע, — לײַכט אויף הערשלס פּנים, — מײַן מאַמע פֿלעגט אויסלייגן פֿלאָדן, מאַנדלען, יאָדערלעך און אַ גאַנצן מאַראַנץ. זי פֿלעגט עס איבערדעקן מיט אַ גרינעם טישטעכל און איך פֿלעג עס טראָגן, אָט אַזוי מיט ביידע הענט.

מיט די הענט פֿאָראויס גייט הערשל איבערן לאַגער און רעדט הויך, דערציילנדיק וואו זײַן מאַמע פֿלעגט אים הייסן טראָגן דעם ערשטן שלח־מנות: „גיי, מײַן זון, צו דער באָבעניו. ווען דו וועסט אַרײַן אין שטוב, זאָלסטו איר אָפּגעבן דעם ברייטן גוטמאָרגן, און זאָלסט איר ווינטשן זי זאָל דערלעבן נחת פֿון אירע אייניקלעך. נחת? — איז הערשל געבליבן שטיין אין מיטן לאַגער, שעפּטשענדיק צו זיך אַליין, נחת? —

— און דײַן מאַמע, מעטיק, — פֿרעגט ווייטער יאַנקל.

— מײַן מאַמע פֿלעגט אַרויפֿלייגן אויף אַ גרויסער טאַץ צוויי צוקער־לעקעכלעך, צוויי פֿערדלעך מיט רויטע לייצעס, אַ לימענע, אַ מאַראַנץ און פֿון אויבן אַ טאָרטל מיט אַ האָרעס אויסגעמאָלן.

— דײַן מאַמע איז געווען אַ נגידותטע, — זאָגט יאַנקל אַ ביסל צעטומלט פֿון הערן אַזוי פֿיל מאָל דעם נאָמען — מאַמע.

— און דיין מאַמע, — שפּרינגט אונטער יודל צו שלמה׳ן. יודל האָט ניט געוואָלט די שפּיל זאָל איבערגע־ריסן ווערן.

— וואָס פּלעגט דיין מאַמע שיקן שלח־מנות ? — רופט ער אַרויס שלמהן, דעם גרעסטן וויינער אין לאַגער.

— מיין מאַמע, — ציטערט אים אַרום די ליפּן, נאָר ער שמייכלט. שלמה וויל זיין מאַמע זאָל אויך קומען אויפן טייערן יום־טוב פּורים, צו דער מפּלה פון המנ׳ען. נאָר ער קאָן ניט ריידן, דרייט ער מיטן קאָפּ אויף ניין און ער בלייבט שטיין מיט פולע אויגן טרערן.

— און דו בעריש, — פרעגט יודל מיט ברען, ער וויל אַלע קינדער זאָלן זיך פילן אַזוי גוט ווי ער, וואָס האָט ערשט היינט ביינאַכט געזען זיין מאַמע אין חלום.

— מיין מאַמע פּלעגט דעם ערשטן שלח־מנות שיקן דער רייכער מומע בראַנטשע. מיין מאַמע פּלעגט אַרויפ־לייגן אויף אַ טעצל האָניק־טייגלעך, קישעלעך און טאָרט־לעך מיט אויסגעמאָלענע פישלעך פון אויבן אויף די טאָרטלעך.

— פאַרוואָס ניט דעם לויתן ? — חוזק עריק דער שטענדיקער ניין־זאָגער.

— הער אויף צו חוזקן, — רופט אים יודל צו אָרדענונג.

— די מומע בראַנטשע, — דערציילט וויטער בעריש, — די מומע בראַנטשע, אַ ברייטע יידענע, מיט אַ שוואַרצן שייטל אויפן קאָפּ און אַ בינט שליסלעך פאַרשטעקט אַרום די היפטן, פלעגט מיר אַנטקעגן קומען מיט, — אַ „גוט־מאָרגן דיר בערישל” און זי פלעגט מיר אַריינלייגן אין האַנט אַריין אַ גאַנצן גראַצער.

בערישל בלייבט שטיין קוקנדיק אויף זיינעביידע ליידיקע הענט.

—און דו עריק, — פרעגט יודל דעם אייביקן צע־שטערער פון אַ גוטער מינוט, — וואָס פלעגט דיין מאַמע שיקן שלח־מנות ?

— איך האָב פיינט זיך שפּילן מיט ליידיקע הענט ! —

ענטפֿערט עריק און ער בלייבט שטיין מיט אַ ביטערן שמייכל אויף זיין פּנים.

— וואָס עפּעס מיט לײדיקע הענט? — קומט יאַנקל צו זיך. — ס'טגעהערט אַ יונגאַטש ריידן! כ'וואָלט אים אויסגעריסן די פּאות זיינע!

— וויפֿיל זיינען מיר דאָ? צען ייִנגלעך, טאָ לאָמיר טראָגן דער וועלט שלח-מנות.

— לאָמיר זיך אויסשטעלן אין אַ ריי, ניט איינער הינטער דעם אַנדערן. ניין! מיר וועלן זיך אויסשטעלן גלייך, ווי אַ שורה אין אַ ספֿר, מיט די הענט פֿאָראויס וועלן מיר טראָגן דער וועלט שלח-מנות: אַ מנין לעבעדיקע ייִדן וועלן מיר ברענגען דער וועלט.

מיט די הענט פֿאָראויס אין אַ גלייכער שורה שפּאַנען זיי מיט געזאַנג:

„עם ישׂראל חי,<br>עם ישׂראל חי".

איבערן גאַנצן לאַגער ציט זיך דער געזאַנג. דערוואַק־סענע, עלטערע מענטשן און קליינע קינדערלעך גייען אַריין אין מאַרש, קראַנקע הויבן זיך אויף פֿון די בעטן, וואַקלענדיק גייען זיי. די וואָס קענען ניט אַראָפּ פֿון די געלעגערס, זיצן און זיי פּאַטשן מיט די הענט, און זינגען מיט:

„עם ישׂראל חי,<br>עם ישׂראל חי".

דער גאַנצער לאַגער זינגט, די ווענט, די צאַמען שווינדן אַוועק, די גאַנצע וועלט זינגט:

„עם ישׂראל חי,<br>עם ישׂראל חי".

# אינהאַלט

